Бібліографічний опис цього видання вміщено в „Літописі Українського Друку“, „Картковому репертуарі“ та інших покажчиках Української Книжкової Палати“.

Редактор групи М. Шейнгольд.
Художники Бланкі Фрадкін.
Техкер С. Білокінь.
Коректор Л. Гілер.

Друк. ім. Фрунзе. Харків, Донец-Захарж. 6. Уповноваж. Головліту 1376. Зам. 1907. Прим. 1.500.

Видання 34. Формат пап 72 x 110 — 50 кг. 4 пап. арк. 1 пап арк. 122.880 літ. Здано в роботу 29-XI-33 р Підписано до друку 7 VIII 34 р.

# אַרײַנפֿיר

אויסגעפּלאַנירטע שעטעכס
און בּיניאָנים,
אָנגעצויגן קויכעס אין פאַרמעסט.
איך זע מייַן גרויסע היים.—
קיין איין פאַרוויטיקט פּאָנעם,
פּעסט!

פּעסט פאַר אומפאַרמייַדלעכע געשלעגן,
וואָס מערן זיך נאָך יעדער אונדזער זיג,
אויב ניט קייַן שווערד דעם פייַנט אַנטקעגן —
איז וואָס דעם דיכטערס ליד?

צי האט א ווערט דעם דיכטערס וואָרט,
אויב סע טראָגט אין ריזן־בּוי קייַן מוט ניט
און לאָזט אליין די בּרידער בּלוטן?
צי האט א ווערט דעם דיכטערס וואָרט,
אויב ס׳איז ניט קייַן בּוי־שטיין אפן אָרט?

אלץ אין שטרענגן פּלאַן,
אי פּעסט, אי גוט.—
געבּייַען שטאָל און שטיין
אין שטאָלצער הויך געצויגן.

שטעקט מען אינעם רויש,
אין אימפעט און אין גלוט,
ביז דער ווײַסל־שײַן פון אויגן.

די אַרבעט רעגנט
אפ אונדז היים,
קילט אונדז ווינט פון דער געשווינדקײַט.
אפסניַ דעם מענטש
און אַלץ צו איבערשמעלצן דרייסט
האָט קראַפט פון מיליאָנען זיך געשפאַנט,
אפ אויסצוהיילן פעלקער פונעם בלינדקײַט,
אפ גרונטעוועקן און פעסטנ
א גיגאנט נאָך א גיגאנט,
די קראַפט אנטדעקט און בעט און הייסט:
דערלאנגט!

א ווײַל צו ווײַל ניט גלײַך,
סע מוז זיך אלץ אנטפלעקן.
ביסט מ ע ר ווי דו ביסט,
מער איז שטיין ווי שטיין.
"אָמיר גיין, לאָמיר זען,
חי בלאָקן די שטעכס באדעקן,
ווי לופטשיפן אונדזערע קינדער וועקן,
אין פלי, אין פארטאָג, איבער וואסער־בעקנס
באָדן זיי אויס זייער פלינק גבכיין.

סע פרייט זיך דאָס בלוט,
סע רײַסט איבער פוילס און פארדראָסן,—

צו ווײַטערן אָנגרײַף
פאר מענטשנס מי,
פאַר מענטשנס פרייד און מוט,
און האָב און גוט,
פאָרויס,—
אנטשלאָסן!

## „פּריזיוו"

1

האָט מען אײַנגעלאָדן אַלע פרײַנט,
און גוט־באַקענטע ניט פאַרגעסן:
— ברענגט ניט גאָרניט, אַלץ וועט זײַן,
אַלץ צום טרינקען און צום עסן.

די מוטער — קאָשיקעס זי שלעפּט
און שעפּעריש סאַרקלערט געריכטן.
דער פאָטער — דאָפּלט זײַנע פליכטן:
הין און הער ער מעסט די טרעפּ —
אין קעלער,
צי נאָך טעלער,
צי נאָך ווײַן.

דער זון, — ער שײַנט,
אים אַליין מע פײַערט הײַנט.

ניטאָ קײַן פּלאַץ שוין אַפן הענגער,
די היטלען וואַרפט מען וווּ־ניט־וווּ,
און מענטשן קומען אַלץ נאָך צו —
עס קלעקן ניט קײַן בענקלעך.

ערנסט מישט זיך מיט געלעכטער,
געדוך פון קיך, פון טישן פלעכט זיך,

עס שמײַסט די שײַן אין גלאָז, אין פליזשעכץ,
צים פון זיי קאָלירטע שפּיזן.
פרײלעך גייט פון שמועס דער שטראָם. —

מע זעצט דעם זון פון וויבנאָן.

זײַן יוגנטלעך געזיכט פאַרברויגט איז;
פרײלעך שטעקט דאָס שנירל מאָך איבערן מויל,
ברוסט־בלאַט, הענט ביז עלנבויגנס — הויל,
די פינגער — פון אַרבעט ניט־געשוינטע.

דער פאָטער הייבט זיך אויף דער ערשטער:
„צוערשט, דער רויטאַרמײ אַ גרוס
פון אַן אַלטן ווילנער בערשטער.

„איך גיב איר איבער מײַן בעניאָכיד,
דער רויטאַרמײ, — מײַן טײַער קינד.
איך זע, מײַן אַלטע זאָגט מיר נאָכעט...

„גייסט זײַן, מײַן קינד, אַ רויטאַרמייער,
זיך לערנען שיצן אונדזער לאַנד.
קײַן קנעכטשאַפט ווייסט זי ניט, דײַן האַנט,
אַף וואַך דעם שלאָגלער־לאַנד וועסט שטייען!

„אַמאָל... אויך מיך גענומען דינען.
אין קעלערשטוב געווען אַ קלאָג:
צען מאָל טילים האָט געזאָגט
דער טאַטע, און טרערן רינען.

„די מאַמע האָט מיך איינגעקלאַמערט;
זי וועט ניט אָפּגעבן איר קינד
דעם צאַר אַפּ שכיטע, ווײ־ און ווינד —
און זי יאָמערט און זי ליאַרעמט:

„אונדזער שפּײַזער... און אַ שוואַכער זייער,
אונדזער טרייסט אין וויסטן גרוב.—
גאָט, אין צווייטן גאָרן, אין דער שטוב
האָסטו זיבן געזונטע ליידיקגייער!

„...דאָרט איבער אונדז, אונטערן שינדל
איז די סימכע זייער גרויס:
פונעם פּריזיוו איז אַרויס
דעם באַלעבאָס דאָס פּערטע זינדל.

„אַרײַנגעשטעקט אין יאַד דעם אָדן,
האָט מען דעם בענאָק באַפּרײַט,
דער זון איז געזונט,
מיט בלוט און מילך געלאָדן, —
פּרעסט מען, הוליעט מען פאַרשײַט.

* *
*

„איצט ליגן די בורזשוקעס אונטן,
און זייער אָרדנונג באַגראָבן ליגט מיט זיי,—
איצט האָבן מיר די אויבערהאַנט די געזונטע
און שיקן אונדזער זון אין רויטאַרמײ!"

## 2

אַז ווײ אײך און ווינד,
קלאָגערס און פּײַנט —
אַז ווײ אײך און ווינד — וואָס מאַכט איר אַצינד?!
יעדער גראַנגלניש ברענגט אונדז דערפאָלגן,
ס'איז פֿון די מאַסן קוקט שטאָלץ און מיט פרייד —
אַלץ, די נאַטור מוז אונדז דינען און פאָלגן:
יאַמען פאַרקניפּט און אוועק צו דער וואָלגע,
צום ווינטער פאַרזײט און אַפ זומער מע גײט.
די זינ אינ אַרמײ, און אַפ ווײַטער געגרײט.

געזעגנט אײך אָפּ,
קלאָגערס און פּײַנט, —
געזעגנט אײך אָפּ, דעם קאָפּ לאָזט אַראָפּ!

יונג און דערפאַרן, מיט ווײסן באַלאָדן,
פּעסטונג און וועגוויײַזער — די עם־טע־עס —
ווערן מיר מעכטיקע טוווע־זאַוואָדן,
ווערן קאָלווירטלער פאַרמעגלעך און פעסט —
מעלדן מיר ווידער און ווײַטער פאַרמעסט!

דערלאַנגט אײך די הענט,
קלאָגערס און פּײַנט, —
דערלאַנגט אײך די הענט — דער טאָג אײך דערברענט!

3

מע רופט מיך אוס, עס הויכט דער רוף
מיט שיס־געדוך, מיט ווײַנטרויב־פרוכט.
מע פרעגט מיך אויס, מע פרוווט, מע מעסט:
צי כ'האב די ווערט, צי בין איך פעסט.
די קאָמפּאַרטיי שטייט אויבנאָן
און פירט דאָס לאַנד, און מיך אין קאָן.

אין מאַרש פון פאָלקן כ'האב מײַן אָרט,
אין ליד פון פאָלקן קלינגט מײַן וואָרט, —
כ'האב ליב מײַן לאַנד!
דאָס גאַנצע, אַלץ ארום מײַן לאַנד,
ארום מײַן ליב, ארום מײַן טרײַ,
ארום מײַן ליכטיק וועלט־געבײַ. —
דאָס גאַנצע, אַלץ ארום מײַן לאַנד
אין שוואַרצע צוגן איז געשפּאַנט:
זיי שטייען גלײַך מיט גיפט, מיט פּענט
— צו אונדז געווענדט, צו אונדז געווענדט!

מע רופט אונדז אוף — אונדז יונג נאָך יונג,
דער גאַנג איז פעסט און גרייט צום שפרונג,
איז גרייט צום שפרונג.
די שטאָט איז נײַ, — ס'איז אונדזער שטאָט,
דאָס פעלד געראָט. ס'איז אונדז געראָט,
פאַר אונדז געראָט.
עס צווישערט פֿריילעך יעדנס מויל,
עס זינגט די ערד פֿון אונטער זויל,
עס קלינגט די ערד. —

ס'האט ערשט די האַנט אין פעלד געבראָקט,
ס'האט ערשט די האַנט דעם וואַל געטאָקט,
ס'האט ערשט די האנט.
אַצינד — מיט פלײַס נאָכמער, נאָכמער,
מיר טרעטן צו צו גרויסער לער —
צו שיף, צו פוס, צו לופט, צו פערד.
„מיר ווילן ניט קיין פרעמדע ערד,
פֿון אונדזער ערד — קיין שפאַן דעם פײַנט!“
מע רופט דאָס יאָר — סע שפאַנט, סע שײַנט,
סע שפאַנט זיך לערנען דעם געבאָט —
צו פוס, צו לופט, צו פערד, צו פלאָט.

# וואָראָשילעווער שאַבעסניק

האלב דרײַ באנאכט כאפט זיך אויף דער לאגער,
ווינטיק, וויסטע וואָלקנס ליגן גראָב צעאַקערט,
ערגעץ דאָרט פאַרוואלגערט ליגט א שטיק לעוואָנע,
שטימט ניט מיטן יונגי — מע באגייט זיך אָן איר. —

וואָראָשילאָווער דעם טאָג געמעלדעט:
— הילף די קאָלעקטיווע פעלדער:
איינס פון צווייטן רויטארמייער מאָנען:
„גיכער אויפגעכאַפט, גיכער טוט זיך אָנעט״.
פון ראַטווירט דער בריגאדיר איז שוין געקומען.

... פירט דעם דיוויזיאָן ארטעלעריסטן
א באַטראַטשקע מיט א פאָנעם א צעשמיצטן,
אַן אויסגעדאַרטס, פון פריצים־הייפ געבויגן,
פון באַלעגופים־גיר אָן אויסגעזויגנס.
שטאָלץ איז איצט איר דריבנער גאַנג און זיכער,
ס'האלט דעם טאַקט דער קאָפּ,
דער שפּיץ פון ווײַסן טיכל.

אַניאַ פירט צו איר ראטווירט, זאָלן אלע זעען, —
איצט איז אַניאַ קאָמאנדיר איבער רויטארמייער.
פאָרנט שפּאַנט זי, דריבנע טריט, הינטן פאָלגן שווערע
טראָט, צוויי הונדערט טראָט, פון דער ארטילעריע...

צו דעם גערטנערײַ־ראַטהױרס האַלטן זײ די ריכטונג, —
שיצן דאָס געריטעניש, װילדגראָז צו פֿאַרניכטן.

זינגען הונדערט קרעפּסיקע, שפּאַנען שװער און זיכער,
אַניאַ האַלט דעם טאַקט מיט קאָפּ,
מיט שפּיץ פֿון װײַסן טיכל.

# וואסיליעוו

געהאקט פון איין מאַסיוו איז
דער קאָפּ פון דעם בוריאט־מאָנגאָל וואַסיליעוו.

דאָס פּאָנעם — מוסקול־פּעסט און בלאַנקט,
מיט פאַרבן פון די „ציגל" פון זיין ראַנג. —
דריי „ציגל" אפן קאָלנער טראָגט ער. —
וואַסיליעוו איז א שטאַב־אינסטרוקטער.

אין איבערייס מיר זיצן פיר כאַווײרים:
א ווס, אוקראַינער, איך, און ער
דערציילט פון לעבנשטייגער שווערן,
פון היים זיינער אין ווילדע בערג.

פון מאָנגאָלן־נויט דערציילט ער,
פון פריצים־יאָך, פון דעם שאַמאַן,
פון רייכער אוסוריער שיינקייט,
פון רויטן קאַמף, וואס איז אהין דערגאַנגען.

א ווילדער יעגער איז ער ביז אָקטיאַבער,
א פּי־געזעל אין בערגיקן טיבעט.
מיט טויזנט איבערגלויבנס איז פאַרלאַגערט
זיין קאָפּ, — דער קאָפּ פון אנאַלפאַבעט.

אָקטיאַבער האט אים אופגעכאַפּט, געכאָוועט.
זײַנ רויענ זינ מיט פײַער - שלאַכט געקריצט:
א קעמפער - גײַסט אינ אים געקאָוועט
אונ אָט, — אינ רויטנ שטאַב ער זיצט.

מיט קלאָרער שפּראַכ, ווי פונ שטאָל געצויגנ,
די קאַרטע טײַטשט ער אונדז, דאָס פעלד.
דאָס קאָמפּליצירטס געוועב: פײַלעכלעכ אונ בויגנס,
די פּינטלעכ, ציפערס, וואָס ער שטעלט.

אנ אָרט אונ טאָט פאר יעדנ רויטאַרמייער,
א קלאָרע אופגאבע יעדנ קאָמאַנדיר.
אַנקעגנ גרויסע יאָר ניכטערע מיר גייענ, —
די שלאַכט געווינענ וועלנ מיר.

ער הערט נית אופ זיכ לערנענ אונ שטודירנ,
מעסלעסנווײַז ער וואַכט, דער באָלשעוויק;
ער לערנט קאָמאַנדירנ שלאַכטנ פירנ,
ער לערנט באָלשעוויסטישע טאַקטיק.

# גראַנאַטניקעס

די ערד פּילט אויס איר אָפּגעשטעלטן פּלאַן
ארום דער זון, —
זי איז צום אָוונט שוין דערגאַן.

דער שלאָסער פּיטראָנקאָווסקי פון סטאַלינער זאַוואָד
פאַרהאַלט זיך אפן שיס־פּעלד מיט זיין וווואָד.
אין לינקן פלאַנג פאַרטאָג,
ביז פאַרמאַטערונג,
ער לערנט זיינע יאַטן, די גראַנאַטניקעס:

— איז נאָכאמאָל, כאַווײרים, נאָכאַמאָל,
געווינט די הענט דעם ציל צו כאַפּן.
ווידער, נאָכאמאָל דעם ציל דערטאַפּן,
פּינקטלעך כרעפן אינעם טאָב אריין.

דער סוינע ווערט אפ אונדז ניט וואַרטן דאָרט,
דער מיטעק אָבער וואַרט אונדז ביז פאַרנאַכט.
דערגרייכן וואָס מיר ווילן, דאַרף מען זיין פאַרהאַרטעוועט,
ארײַנגעצויגן, אריינגעטראַכט.

די פּײַנט, די בלוט־געניסער שלאָפן ניט,
מע האַלט זיך שטיל אין איין באַוואָפענען.

מע בעבעט וועגן פרידן נאָר אַפּ בלענרעניש.—
אַפּ קריג צו פירן וואַרפן זיי די-גאַנצע קענטעניש,
אַפּ שעכטן ־ אַרבעט ־ מאַסן, ווי די סטאַדעס,
אַפּן פירן קריג מיט אונדז, דער אַלוועלטס שלאָג ־ בריגאַדע! —

— איז נאָכאַמאָל, כאַווייריִם, נאָכאַמאָל,
געווינט די הענט דעם ציל צו כאַפּן.
ווידער, נאָכאַמאָל דעם ציל דערטאַפּן,
פּינקטלעך טרעפט אינעם טאָג אַריַין.

די יאַטן פאָלגן און פאַרמעסטן זיך,
די יאַטן קענען נעמען פעסטונגען.
אַזוי די לערע פאַרן טאָג פאַרענדיקט מען,
אַ גאַנצן קאָמפּלעקסל פּוץ ־ געציַיג אַ בלענדנדיקס,
ציט אַרויס פון־טאַש פּיטראָנקאָווסקי, דער קאָמוזוואָד,—
נעמט ריַיניקן די ביקס, געבויגן איבער איר,
ווי רוימענדיק אַ סאָד.
אויסגעפּוצט
הילט ער זי אין שטיקל קאָרט,
און זאָגט:
„אַן אָפּגעהיט געווער טרעפט אין ציל,
ווי לעַנינס וואָרט".

# קאָנטראָל

פאָכט די זונ דעם טאָג מיט הייסנ ווייער,
ציט דעם שווייס אונ פּרעסט די גאס.
א גרופּע קוילנגרעבער פונ דאָנבאס
איז איצט, אינ רומפולער דיוויזיע, ארמייער, —
לערנענ, ווי דעם פײַנט דעם עק דערגייענ.

אַפ שטרענגקייט, אַפ באשיידנקײַט בינ איכ מעקאַנע, —
דאס לערנט אונדזער יוגנט אינ ארמיי
דעם קלאָרנ וועלטבאנעם, דעם זינ פונ דער פּאַרטיי;
זיי קומענ רוי אהער — קעמפער גייענ פונדאנענ.

איינער, קלים פוסטאק, אנ אָפּגעלאָזטע בריִע:
וואס עס טוט זיכ ניט באמיִענ
זײַנ כעוורע פונ דאנבאס, —
קלים איז פויל, איז פוסט־ אונ פּאס. —
וויל אינ לערנענ זיכ ניט אונטערציִענ.

האבנ די דאָנבאסער רויטארמייער
אנגעשריבנ אינ דער שאָכט:
„כאָווײרים טײַערע, לייגט אכט
„אַפ איינעם אײַערנ ארמייער —
„ניט לערנענ שיצנ אײַכ ער טראכט,
„פונ יעדער פליכט ער פרוווט זיכ אויסצודרייענ“,

מיט א דרמלינג האט דאָנבאס געענטפערט, —
מיט אַן ארבעטער־קאנטראָל.
דאס קרעפטיקע דאָנבאסער קאָל
האט הייס באגריסט די פערעקאָפער קעמפער, —
אלע שיצער פונעם לאנד, פון בוי און טעמפּו.

צו קלים פוסטאקן ביטער זיך געוועגדט:
„אף וואס ביסטו געשיקט, פארשלעפטע קרענק.
„נעם זיך איג די הענט,
„באדענק,
„מיר ארבעטן אף דיר, און דו פארשטוועגדטסט?"

אזוי און נאך האט מען געמעלדעט.
ס'האט צוגעשטימט מיט פלעסקעריי
דער אוילעם פערעקאָפער קעמפער,
און קלים זיך אָנגעגאָסן, ווי מיט בליי,
מיט כאַרפע און מיט שווער געוויסן,
האט אָפגעענטפערט:
„איך מעלד: כ'וועל א שלאָגלער זיין,
„א שלאָגלער אויך אין שיסן!"

# רויטע ארמײ

רויטע לערע, הויכע לערע, לערע לויטערער בורשטין! —
גײנ פונ שטעט, פונ סטעפּ, פונ דערפער,
רויע יונגענ גײנ אינ לערע,
גײנ אינ לערע יונגע זינ.

פונ שטעט, פונ סטעפּ, ווי רויער אײַזנ,
אינ ארמײ ווערט
אײַזנ, שטאָל, —
שטאָל, — א טרעפ אינ טויזנט ווײַטנ,
אפ די ווײַטנ שפּאַנט באפרײַטע
מי, באפרײַט פונ טיפנ טאָל!

# רויטאַרמייער, באָלשעוויק

רויטאַרמייער, באָלשעוויק, —
פירט מילכאָמע קעגן קריג.
פירט מילכאָמע, פירט מילכאָמע
מיט בורזשוי און בירזשעוויק.
פירט מילכאָמע, פירט מילכאָמע,
פירט צום גרויסן זיג!

ליד און בוך, ביקס און ברוסט, —
גאָר די וועלט באַפרייַט זייַן מוז!

רויטאַרמייער, באָלשעוויק, —
קעמפט פאַר פּראָלעטאַריש גליק.
פירט מילכאָמע, פירט מילכאָמע
פאַר די קינדערס פרייַען בליק.
פירט מילכאָמע, פירט מילכאָמע,
פירט צום גרויסן זיג.

ליד און בוך, ביקס און ברוסט, —
גאָר די וועלט באַפרייַט זייַן מוז!

## מאטראָסנ־ליד

מיר זײַנען מאַטראָסנ
פונ רויטנ פלאָט,
מיר פירנ די שיפנ
פונ שטאָט צו שטאָט.

אונדז קענ ניט דערשרעקנ
קיינ שטורעמ, קײַנ טיפנ, —
מיר זײַנען מאַטראָסנ
פונ רויטע שיפנ.

מיר טראָגנ
די פרײַהײַט
דעמ ארבעט־מאַנ
דורכ טײַכ,
דורכ יאַמ,
דורכ אקעאַנ!

פונ ארבעטער, פויערימ
איז אונדזער שטאַמ.
מיר ווילנ — סאָוועטיש
זאָל זײַנ יעדער יאַמ.
די וואַסער, די ערדנ,

די הייכן, טי טיפֿן —
נאָר רויטע זאָלן פֿירן
די ערד און די שיפֿן!

מיר טראָגן
די פֿרײַהײַט
דעם ארבעט־מאַן
דורך טײַך,
דורך יאַם,
דורך אָקעאַן!

## א בריוו דעם כאווער וואָראָשילאָוו

אוועק איז מײַן ברודער
אין רויטער אַרמיי.
מײַן ברודערל ליבער —
אין רויטער אַרמיי!

כאַווער וואָראָשילאָוו,
כ'האָב ליב אים אַזאַך!
כאַווער וואָראָשילאָוו,
אים שטעל אָפּ דער וואַך!

א שלאַנגלער מײַן ברודער
בײַ אונדז אין ווארשטאט;
א יאַט איז מײַן ברודער,
שוין איינמאָל א יאַט!

כאַווער וואָראָשילאָוו,
כ'האָב ליב אים אַזוי!
כאַווער וואָראָשילאָוו,
דאָס לאַנד אים פאַרטרוי!

אַט הערט מען פאַשיסטן
זיי שאַרפן די שווערד,

ניט אנדערש זיי ווילן
סאָוועטישע ערד.

כאַווער וואָראָשילאָוו,
דעם ערשטן אין קריג!
כאַווער וואָראָשילאָוו,
מײַן ברודערל שיק!

א שלאָגלער מײַן ברודער,
דער בעסטער בײַ אונדז,
ער וועט זיי באווײַזן
קריכן צו אונדז!

כאַווער וואָראָשילאָוו,
אויב, סאָמער... ער פאַלט,
כאַווער וואָראָשילאָוו,
איז שרײַב מיר דאן באלד!

איך וועל אים פארבײַטן,
איך וואַקס נאָכאַנאַנד,
איך לערן זיך האַלטן
א ביקס אין דער האנט!

# רויטע רײַטער

רײַטן רויטע רײַטער,
וויגנדיק זיי רײַטן,
דינע פיס בא פערדלעך
צאָקנדיק זיך בײַטן:

צאָק,
צאָק,
צאָק,
צאָק.

אפ שטיינערנעם ברוקיר,
די פיקעס אינדערלופט!
פאָרויס — דער קאָמאַנדיר!

יאַטן אין די זאָטלען,
רײַטער, רויטע העלדן,
יאַטן פון זאַוואָדן,
יאַטן פון די פעלדער!

צאָק,
צאָק,
צאָק,
צאָק.

זיי קוקן אינדערווײַטס,
די פּיקעס אינדערלופט,
די פּיקסן אפּדערזײַטס!

קלאַפּן אפּן פּלאַטטער,
קאָפּעטעס סע קלאַפּן,
קאָפּעטעס די פעסטע
פּלאַסטער־שטיין באַטאַפּן.
צאָק,
צאָק,
צאָק,
צאָק.

די צוימען אין דער האנט,
די פּיקעס אפּ פאָרויס,—
צום גרענעץ פונעם לאַנד!

ס׳דרײַסן זיך כאַזיירים
קוויטשענדיק פון דאָרטן,
קריכן מיט די פּיסקעס
אין אונדזער ראַטן־גאָרטן!
צאָק,
צאָק,
צאָק,
צאָק.

איז אָנגעצילט די קלעפּ —
די פּיקעס, פּיקעס שטויס
אין כאַזערישע קעפּ!

1

איך האב מיך פאַרשריבן אין בוך פון זאַוואָר
אונטער א הויכן נומער.
אַן אומבײַט א נײַער טראָגט מיך אַרײַן
דורך פאָרטקעס און טירן,
געבײַען פאַרבײַ.

טײלן־מעטאַלן — געשטאַפּלט ארום, —
כ׳גיי צווישן זיי, ווי צווישן טראַנשייען, —
געפינ דאָרט מײַן צעך
און מײַן נומער באַקום.

בין מיט מעטאַלן געווען פונדערווײַטנס.
איצט, בא דער ערשטער באקאנטשאַפט, —
אַלע איינ פּאָנעם. —
שייד איך ניט אונטער:
ווער איז דאָ אײַזנס
און ווער דאָ טשוהונען.

אזויוי נאָך איידער מײַן ארבעט,
דער האַרבער, אינ האמבורגער האָפן —

פארבאָדן אין שטורעמס,
אין שטרײַקן,
צווישן די שיפּ־לײַט פון אַלערלײ הויטן
און ערדישע ברייטן —
איידער מײַן אַרבעט,
איז שווער מיר געוועזן
אונטערצושיידן
פון אַ יאַפּאַנער ביז אַ כינעזער.

איצט־זע איך באַזונדערע כײנען און צילן
אין יעדן באַזונדערן פּאָנעם:
אין אײַזנס,
אין שטאָל,
אין טשוהונען.

2

— איינ קראַפּט שטויסט ארויס די צווייטע, —
באַלערנט מיכ דער מײַסטער
אונ פירט מיכ ארײַנ
אינ דער כאָכמע פונ שניצערס.
— איינ קראַפּט שטויסט ארויס די צווייטע. —
געלאָזט כ'האָב דערווײַלע זיצנ
פונ יענער זײַט שוועל פונ זאַוואָד
די דיכטונג, —
מײַנ שטענדיקנ באַגלייטער.

3

כ׳בין ווייער איידל מיט דער מאַשין,
כ׳קען נאָך נים אירע געוווינשאַפטן;
סע שרעקט מיך איר כאַראַקטער.
דאָ האָט זי געפערלעכע שטאָלענע פיסקעס,
מיט אײנעם א לעדערנעם פליגל האַקט זי
מעשוגענערווײַז ארוּם.
שטעל איך אפ דינינקער סטרוּשקע דעם שניצער;
דערזעט עס דער מײַסטער
און שטופט מיך אוֹועק:
— „שנײַד אריין אין דעטאַל!
אָט אזוי, זי זאל פרעסן, ווי „סאלאָ",
צום טײַוול
זאל די מאַשין זיך שרעקן פאר דיר!"

שײלן זיך אָפּ פון דעטאַל
הײסע רײפטן שטאָלענע „סאַלאָ".

4

אָנגעקוועלט האָב איך פון שיינקייט:
סטרוזשקעס געקרייזלטע שיילן זיך אָפּ פון די רויע מעטאַלן
און שלאָגן זיך שלאַנגיק,
און ווילן נים פאַלן
אין לאָך פון וואַרשטאַט,
אין זינקעניש טיף...

בייזלעך האָט באַיקאָ דער יונגער
דערלאַנגט מיר אַן אַנדער באַגריף:

— שיין איז עס נאָר פון ערשטן בליק;
טו טיפער א קוק — איז עס שעדיקעריי:
אַזוי פיל סטרוזשקעס פאַלן!
צום ביישפיל נאָר, נעם די דעטאַלן:
,2410
,2249
און פאַרן שענסטן באַווייז,
ווי מערדעריש ווערן געפּאַטערט אַפּ סטרוזשקעס
די גוטע מעטאַלן,

די קאָסטבאַרע מי פון די מאַסן.—
נעם דעם דעטאַל 350:

אין צושטאַנד אין רויען זײַן וואָג איז גרויס
255 קילאָ,
נאָך דער באַארבעטונג קומט ער אַרויס
מיט קילאָ 76,
און פון הונדערט נײַנונזיבעציק קילאָ קאָסטבאַרער קערפּער
כראָמאָניקלינע שטאָל,—
ווערט שלענגעלעך־סטרוזשקעס,
מיסט פון זאַוואָד.

אַזוי פאַלן טויזנטער טאָן אינעם מיסט:
ניקל און כראָמען,
פאַר וועלכע מיר צאָלן די אויסלאַנדס, די סאָנים,
מיט כּיעס פון אונדזער פאַרהאָרעוועט בויענדיק לאַנד.
אין דעם זײַנען שולדיק די שטעמפּלער!—
דו קוועל ניט, אז „סטרוזשקעלעך שײנינקע פאַלן"...
טריט בעסער אַרײַן אין דער שטורעם־בריגאַדע צו קעמפן
פאַר שפּאָרעוודיק שטעמפּלען דעטאַלן.—
„... סטרוזשקעלעך פאַלן..."

5

אלע וואָגיקע טיילנ, —
דער סופּאָרט, די שניצערס,
די פּראָסטע פּאַטראָנענ —
אנערקענענ ניט קייַנ ווייכע הענט.
זיי האָבנ אנ אנדער באַגריף וועגנ נוצנ אונ שיינקייט
אונ נעמענ באַאַרבעטנ די אויסגערוטע הענט:
מע שנייַדט זיי, מע שאָבט זיי, מע קלעמט.
די ערשטע פּאָר טעג איז קיינ הענט גיט,
נאָר שמאַרציקע וווּנדנ.
אונ יעדער באַריר —
איז א שניט פונ א שאַרפ.

נאָר ס'וועבנ פּאַמעלעכ זיכ אויס
האַרטהויטיקע הענטשקעס.
סע ארבעט זיכ אויס דער זאַוואָד
די הענט, וואָס ער דאַרפ.

6

דרײַ באַנאַכט.
דער זאַוואָד איז געשטעלט.
אנ־אַרבעטער פירט די פאַרזאַמלונג.
ארבעטער טרעטן ארויס:

„שעדיקער האלטן מיר אויס,
זיי פרעסן אונדז אוס
און גרייטן בעהיים אונדז דעם טויט.
סע שרעקט זיי דער וווּקס פון דער ארבעטער־הערשאַפט.
וואָס פאָדערן צעכן? —
שטרענגע שטראָף!

„אונדזער שווייס, אונדזער בלוט, אונדזער מאַרך —
אָפּ בילכערע זאַכן!
מיר האבן שוין אייגענע ספעצן.
נאָר איידער מיר האבן גענוג זיי, —
איז לאָמיר זיך שפּאַנען פעסטער,
אונדז איז באַוווּסט, ווער מיר זײַנען
און וווּהין אונדזער וועג איז".

איינער נאָך איינעם א וואָרט רעדט די מענגע,
פאַר אומגעהויערנ ווייטיק אונ וואָרענונג —
זוכט מען די נויטיקע ווערטער צום אויסדרוק.

אונ נאָר אַפ די יעניקע הייס רעאַגירט די פאַרזאַמלונג,
די יענע, וואָס ריידנ מיט קלאָרע דיבורים:
— „דערשיסנ״ !

7

אײַלנדיק װאַרף איך מײַן מעשענעם נומער,
מײַן אַרבעטסטאָג װאַרף איך
אין קװאָרט אין דער גרויסער,
װאָס הענגט בײַם אַרײַנגאַנג: —
פאַר װוּקס פון מײַן לאַנד,
פאַר מײַן זײַן אױף דער ערד.

און װי צו דער אַרבעט מע אײַלט זיך,
אַזױ פון דער אַרבעט פאַמעלעכן גײט מען.

כ'נעם פון געקעסטלטן טאָװל מײַן נומער —
דעם מאָרגיקן טאָג,
און גײ זיך אַ מידער אַהײם, —
צוגרײטן װידער מײַן קראַפט פאַר װוּקס פון מײַן לאַנד,
פאַר מײַן זײַן אױף דער ערד,
פאַר װעלט אַ געענדערטער!

8

פֿאַרנ מײַסטער, צו װעמענ מע האָט מיכ געשטעלנ׳,
האָב איכ גרויס דערעכערעצ —
ס׳געצײַג, ווי סע שפּילט אינ זײַנ האַנט!
יעדער זײַנ נײַבעט דערמיט —
אנ אנטדעקונג.

אנטדעקנ זיכ סוידעס פֿאַר מיר:
מאַטעמאַטישער טיפֿער אזשור פֿונ ארבעט־אויפֿאַנ׳מ.

אינ אופּשניט אינ נײַעמ,
אינ זעונג אינ נײַער
באַווײַזנ זיכ אײַזנ אונ שטאָל
אונ אנדערע פּראָסטע מעטאַלנ.

דער אַלטיטשקער מײַסטער
מיט שאַרבנדיק־מאַטעוונ קעפּל —
זײַנ גאַנצ געבײנ שפּאַרט ער צו צו מאַשינ.
מורמלענדיק עפּעס,
באַוואַכט ער די הײסע באהעפֿטונג פֿונ שניצער מיטנ דעטאַל.

קומט ער א קאַפּל ניט ניכטער,
באַרימט ער זיכ ניט מיט די צוויי צענדליק קינדערלעכ ווײַנע,

פונ װעלכע דעם קלענסטנ איז ערשט צענ כאַדאָשים,
נאָר ער באַרימט זיך,
אז צװישנ די טאָקערס אײנ אלע זאַװאָדנ
זײַנענ די טיכטיקסטע ייִנגע,
װאָס האבנ א לעק נאָר געטאָנ פונ זײַנ כאָכמע,
אבער װי ער—
קענ נאָך קײנער די קונסט ניט.

9

די פּאַרע פֿון שטאָלענע סטרוזשקעס,
וואָס קנאַקן געשמאַק.
ווען ס'שניצט זיי דער שניצער אַראָפּ פֿונעם לײַב
פֿונעם שטאָל, —
די פּאַרע איז אַנגענעם־טערפּקע,
ווי גוטער טאַבאַק.

מיר זײַנען געווען זאַלבעזעקס אין בריגאַדע,
וואָס האָבן געפּאָרעט אַרום דעם בלאָק:
געשניצט,
געטאָקט, געכאָוועט, געטעסעט, —
צו שיכטעס דרײַ, אין זעקס בעסלעסן —
און ס'איז ניט געפֿאַלן קײַן נאָגל אין בראַק.

באַנאַכט, דער שלאָף זאָל אונדז ניט פּאַקן,
האָט מען צו סטרוזשקעס געבויגן די קעפּ,
צו װאַרעמער פּאַרע,
צום סאַמע געריך,
און זיך דערפֿרישט מיטן סטרוזשקע־טאַבאַק.

10

די יונגע פרוי,
וואָס לערנט זיכ באַגלײַכ מיט מיר בא דער מאַשינ,
לערנט זיכ געשמאַקער:
דער האלדז פונ איר ספּאָרט-העמד
איז קוים מיטנ שנירל פארשנירט.
דער דרײַהונדערטליכט-לאָמפּ
דערלאַנגט צווישנ שנירל דעם וועג
צו די קליינינקע בריסטלעכ.

שאַפט זיכ דער מײַסטער מיט איר
אופמערקזאַם-פרײלעכ.
שטעלט אָפּ די מאַשינ
אונ באַווײַזט איר די סוידעס
אונ פירט מיט איר האנט באַם שאַרפנ דעם שניצער.

אונ מיר גײט מײַנ לערע מיט מי אונ פּאַמעלעכ.

11

סע גיט מיר דער מײַסטער אַן אלטע מאַסליאַנקע —
א פּאָמפּערל שטאַרק א צעבּויגנס,—
א צעטל דערבײַ,
און שיקט צום אינסטרומענטן־קאַמער.

צו אײַזערנער וואַנט
און צום הויכן פענצטערל שטעל איך זיך צו, —
ווי אין אַפּטייק, איז דאָרט זויבער און ליכטיק
און שטרענג נומערירט.

דערלאַנג איך דעם מײַסטערס רעצעפּט
און די קאַליע מאַסליאַנקע.
נעמט עס א יונגער אפּטייקער אוועק
און א נײַס גיט ארויס מיר:
דאס דעקל געמאַכט ווי אַן אויג, א נאָפּל פאראַן,
וואָס כ׳פאַרשטיי ניט;
דאס פּיסקל איז לאַנג
און דאָרשטיק און גיריק.

12

צו אלע וואַרשטאַטן
צעטראָגט מען די פרישינקע צײַטונג פון צעך.
מע טוט זי א כאַפּ און א לייען, און א פלעק
בלײַבט אפ פרישן פאַפיר.
דעם זעקסטן טאָג שוין שלעכט איז,
דעם זעקסטן טאָג שוין שטעכט אין די אויגן:

| | אוסגאַבע | געמאַכט |
|---|---|---|
| קאַסטנס פאַר גיכקײַטן . . . | 5 | 2 |
| דיפערענציאַלן . . . . . | 5 | 2 |
| מאָטאָרן אַפן קאַבעסטאַן . | 5 | 4 |
| טראַקטערן צום אוועקשיקן . | 5 | 2 |

13

פראָסט אין די דרײַסיקער גראַדן
פאַרמאָגט אין פאַרטאָגן
א מערדערשן ווינט.

ארבעטער-גרופעס אין וואַטענע לײַבלעך און קעפּקעס
אײַלן פון פאָרשטעט און שטאָט
צום שטורעם-טאָג אף די זאַוואָדן.

ווערן אין רעגע איבערגעפּולטע טראַמווײַען:
יענע, וואָס האבן דאס מאַזל
א פוס אפן טרעפּל צו שטעלן,
שווײַגן באפרידיקט. נאָר די, וואָס אין דרויסן געבליבן,—
שפּאַרן פּאַראַקשנט:
„מע קען נאָך!
מע קען נאָך!"
סע גיט דער קאָנדוקטער ארויס א דערקלערונג,
אז ס'איז דער וואַגאָן ניט פון גומי —
און רײַסט אים, דעם טראַם, פונעם פּלאַסטער.
בא טויערס זאַוואָדישע ליידיקן אויס זיך טראַמווײַען,—
איינער נאָך איינעם

ל׳ויפֿן זיי ווידער, —
די מאַסן צום שטורעם־טאָג ברענגען.

הײַנט איז דער אָקטאָבער, א רו־טאָג געווײנלעכ —
האבן די מאַסן א שטורעם געמאָלדן
געכטן אינ צעכן אפ יעדער פֿאַרזאַמלונג:
„וואָס פאר א רו־טאָג? —
דעם דורכבראָך ברעכן!
א פּלאַן אפ אנקעגן
דרייפט צו פֿאַרוואַרפֿן,
דעם גרונט צו דערבויען,
אפ העכער צו שטײַגן!"

אפ די וואַרשטאַטנ אינ צעגטער פונ צעכ
זייַנענ פלעצער פאַרנומענ.
דער הויפּט־גאַנג, דער זייַט־גאַנג —
מיט·ארבעטער־יוגנט פאַרשטעלט איז:
יאַטנ, מע קלויבט אינ צעכקאָם.

מיידלעכ
מיט דאָרפישנ אויסזעענ,
איינע דער צווייטער פאַרוואָרפנ די הענט איבער נאַקנס,
זיצנ, באַקלעפּנ דעמ בלאָק פונעמ צעכ־קראַנ.

מאַטראָסנ א פּאָרל, געשיקטע אפ ארבעט אהערצו,
לאַכנ מיט קרעפטיקע ציינער אנקעגנ די מיידלעכ.
שטיל.

דער פּאָרזיצ רופט אַנ קאַנדידאַטנ,
זיי שאַצט סעקרעטאַר יעדנ איינעמ באַזונדער:

„אַ גוטער קאָמסאָמאָליעצ“.
„אנ אַקטיווער יאַט“.
„אנ אַקטיווע קאָמסאָמאָלקע“.
„פריִער געאַרבעט אינ קאָלווירט“.

— װער איז זי? זאָל זי זיכ װײַזנ! —
הערנ זיכ קוילעס פונ זײַטנ.
הייבנ די מיידלעכ, װאָס זיצנ באמ בלאָק,
איינע פונ זיכ אינדערהייכ ארופ.
קרעפסטיקע פענעמער שמייכלענ באפרידיקט.

15

— דערציילט אונדז, ווי גייט אײַער אַרבעט
אינ שלאָגלער־בריגאַדע,
בידײַלאָ מאַטריאָנע!
— „כ'האָב צענ יאָר געדינט אינ פּאָלטאַווער גובערניע,
אונ פיר — אינ זמיִיאָווע,
אינ פּריצישנ הויפ אונ בײַ אַנדערע סאָנים.
צומיינסט—אינ די כאַזערשע שטאַלנ.
פאַרצוויייאָרנ בינ איכ אהערצו געקומענ.
קיינ שאָ ניט פאַרפעלט,
קעגנ בראַק זיכ געשלאָגנ,
קײַנ בראַק מער נישטאָ.
פאַרלאָפנ דעמ פּלאַנ,
פאַרמעסטונג געווונענ;
אויסגעלערנט לייענענ אונ שרײַבנ
אונ לעב אינ קאָמונע;
איצט בינ איכ געשיקט אינעמ אָוונט־אַרבפאַק,
אונ כ'וויל זײַנ אינזשיניער".

16

טרעפ־אראָפּ גייט מען שטאָלטנע,
ווי צום שפּיל פון טרומייטן;
טרעפ־ארופ, —
עטוואָס אָנגעבויגן גייט מען.

מאָנטיאָרן קלעטערן,
באַלייגן איזאָליאַטערס
אפן שווינדל־הויכן פּאָרטאַל.
אפ שטריק בא רימען־גורטלען
הענגען זיי האָריזאָנטאַל.

און וואַניע,
וואָס שטייט פונונטן
אויסגעצויגן, אזש ס׳שטעקט ארויס די ריפ,
קוקט אומרויִק־פאַרכידעשט:
„אָט — טראַך! —
און א לעבן א מאָנטיאָרס וועט זיך צעשיטן״.

17

האָט וואַניע זיך ביטער געאַמפּערט
מיט איינעם אַ בירגער,
געפּיקט זיך פאַרביסן.
פון וואַניען געשפּאַרט האָט
אַקשאָנעס פון מוירדישע זיירעס,
געדריקטע פון שליאַכטע, געשטיקטע פון צאַרן.

ס׳האָט יענער מיט אָפענער כוצפּע
ווילקענעוודיק וואַניען געשטאָכן,
אַז „אָט,
און דעם דניעפּערבוי
וועלן „זיי" אויך ניט דערבויען, —
ווייל „כלאָפּעס... ווייל גאָנטעס"
און קעגן נאַטור ס׳איז..."

באַזונדערס האָט אופגעקאָכט וואַניען,
ווען יענער די טראַקטערס באַרירט האָט.
ער זאָגט,
אַז מאַגניטאָ פון אויסלאַנד באַקומט מען.
ליגנס! וואַניע אליין איז פון צעכן

און קען זיי,

װײסט, אז פון אונדזערס, פון אייגנס

א טראַקטער באַשאַפט זיך, —

קוילן דאָנבאַסער און אײַזן פעטראָװסקער.

װי זאָגט מען אױנס אם מאַגניטאָ! —

מאַגניטאָ,

דעם בליץ פונעם טראַקטערשן האַרצן?

אם מאָרגן איז װאַניע

פאַר אָנהויב מישמוירע

אַרײַן אין „ביוראָ פון די אַרבעטער-פאָרשלאַגן":

— „אונדזער מאַגניטאָ, װו נעמען מיר, זאָגט מיר".

— „מאַגניטאָ, מײַן פרײַנט, איז אַן אימפּאָרטנער פויגל".

װאַניע דערשלאָגן נויגט צום אַרויסגאַנג.

דאס קאָל פון ביוראָ הילכיק דערקלערט אים:

— „מאַגניטאָ װעט זײַן! די פאַבריק װערט דערבויעט!"

גלײַכס זיך אויס װאַניע אין ראַם פון דער טיר —

איד-װידער אין קויכעס געקרעפּטיקט.

18

ביז צו די צעכנ דערגאַנ איז,
ביז די וואַרשטאַטנ
דער פּלאַנ פונ צעוואַקטונג,
די פּל גלענ אליינ, וואָס מע בויט, —
דעם גאַנצנ זאַוואָד שוינ אריבּערגעוואַקסנ!
כאָוועס מענ קאַדרענ פאר זיי
אינ שויסנ אינ פעטע פונ איצטיקע צעכנ.

הערט זיכ א קלאָגעריש וואָרטשענ
פונ גלאַנציק־קאָנטאָרישע טישנ
דרינגט עס אינ צעכנ אונ שמייַסט איבער הענט
אונ די אויגנ פאַרוואָלקנט:

„סע טראָגנ ניט אויס די רעסורסנ!"
„ניטאָ קיינ וואַרשטאַטנ!"

19

נעמט דער פּאַרטאַקטיוו
צעגראָבנ זאַװאָדישע לאַגערס.

בראָכ דאָרט אונ בראַק
אונ געפּלאָנטערטע בערג
מיט פאַרזשאַװערטנ אַלטװאַרג:
אַפ שלאַכטנ פונ אַרבעט,—
צענעריקטע װערק
אונ צעשעדיקטע קערפּערס.

•

זוכט מענ
אינ בראָכװאַרג, אונ טײלנ נאָכ נוציקע שלעפּט מענ ארויס,
טײלנ פונ טאָקער-אונ פרעזער־אונ טעסלער־װאַרשטאַטנ.
באַלד אינ רעמאָנטנע,
אונ אָט זײַנענ נײַע שױנ געסלעכ אינ צעכנ געעפנט,—
אָנטפּלעקטע מאַשינעס.

פריילעכע יוגנט, װאָס אָקאָרשט פונ שולנ,
שטעלנ זיכ צו אונ מע הײבט אָנ די לערע.

20

צווישן דעם בינטל אנטשיידענע יאָרן
פון אונדזער עפּאָכע,
טיילט זיך דאָס דרײַסיקסטע אויס
מיט שטורמישן ווּקס פון קאָלווירטן,
מיט אופשוונג פון טויזנטער נעמען פון מענטשן פון נײַע,
וואָס זײַנען פון ערדישע מאַסן
דערהויבן צו רום
און צו ליב און צום בײַשפּיל.

דאס דרײַסיקסטע יאָר האט מיט
שטורעם באוועגט זיך:
האט שוואַכע כאַווײַרים אין טענצל געוואָרפן.
אין טענצלשן פיבער
דער קאָפּ האט פאַרדרייט זיך.

א מעכטיקע שטים האט באַצײַטנס דערמינטערט:
דעם שווינדל פאַריאָגן
פון די קעפ פון די שוואַכע
און שטורמישן גאַנג פון דערפאָלגן
א ריכטונג א פעסטע געגעבן.

ארבעטער האָט די פּאַרטיי פֿון זאַוואָדן גענומען,
בעניטע, געטרייטע,
צו בויען א מענטשהייט א נייע.
אין דערפֿער צעשיקט זיי —
די פֿויערשע מאַסן צו העלפֿן
די גרויסע באַוועגונג צו פֿירן: —
די ערד איבערבויען;
פֿון מענטשלעכן וויסטע —
פֿאָלק פּראָלעטאַרישעס שאַפֿן.

21

סע גייט צו די לענינ־טעג,
דער פראָסט נעמט דעם טאָג אַפּ דרײַסיק.
סע גרייטנ זיכ צו קאַדראָוויקעס
ארײַנטרעטנ אינ דער פּאַרטיי,
פּארסכאַקלענדיק יאָרנ פונ מי אונ דערפאַרונג,—
ארײַנטראָגנ זיי אינעם פאָנד
פּאַר פעסטעונ אָנגרײַפ
אונ שנעלערנ אופבוי.

קאָשלאַב, א 25־טויזנטדיקער,
געקומענ אפנ טראַקטערבוי
מיט גרוס אונ מיט פאָדער
פונ דאָרפיש־גיגאַנטישער ווירטשאַפט:

— ערד־קאָלעקטיוונ באַוואַרפנ די מ. ט. ס.
מיט אומרו אונ זאָרג,—
אונ יענע מיט אָנפראַגעס
לאָזנ ניט רוענ:
צי וועט ביזנ זומער דער טראַקטערנער זײַנ?
צי וערט מענ צומ נײַעמ גערעטעניש פּאַרטיק?

סע קענען די סעלטן
קיין שטערונג ניט זײַן:
פֿײַערס צעלייגט מען
און צעמענט און ציגל מע וואַרעמט.
מע שטעלט שוין וואַרשטאַטן
אין איינ׳יקע צעכן אַרײַן,
און אַנדערע צעכן יאָגט מען אַרום,
באַטאָג און באַנאַכט מיט כיישעק אזאַ מין,
וואָס וועלט ניט געזען נאָך!

א פרייליכער מורמל פליט דורך
אם פענעמער האַרטע,
ווען בורמאַן א וואָרט נעמט.—
איינעכטן האָט מיט אים אָט וואָס געטראָפן:
טראָגנדיק ציגל אם קלעטערגעשטעלן,
איז ער פון שטאָק פונעם דריטן
אם ברוכוואַרג ארונטערגעפאַלן
באַגלייט מיט די ציגל.

געבראַכט אים צום זינען,
וואַרט מען, די גיך־הילף זאָל קומען.
נאָר קוים האט דער שפּאַן זיך פונוויטן באַוויזן,
איז בורמאַן אם פיס שוין געשטאַנען,
און באַלד צו די קלעטערגעשטעלן,
זיך ווידער צו אַרבעט גענומען,—
די ציגל דערלאַנגען.

— אוואַדע און זיכער:
מיר וועלן דעם טראַקטערנעם געבן.

22

מיר איז איבערגעגעבן אין מײַנע הענט די מאַשין.
מיט אָט דעם האַנטגריף
באהערש איך די ערשטע קראַפט פון דער וועלט —
דאס עלעקטרישע פײַער.
מיט יענעם קנאָפ — די צווייטע וועלט־קראַפט —
דאס וואַסער.
איך וואַלגער ארום דעם שווערסטן קלאָץ, —
פון טשוהון, צי פון שטאָל, —
אַבי מײַן פּאַטראָן נעמט אים אויף אף די ציין,
און כ'לאָז אף אים אָפּ — געהיט און געניט —
די וואונדער־קויכעס די צוויי.

און איך שאַף פון דעם קלאָץ
א גוף, א געשטאַלט,
א נוצלעכ געשעפט.

איך האלט אין די הענט און פיר מיט זיי אָן,
מיט קרעפטן מיט גרעסטע פון לעבן און וועלט:
פײַער, וואַסער . . .

23

אף אלע לאַנגע טישן אין צעכישער גאָרקיכ
שטייען הויכע בלומען־גלעזער מיט פרישע געאָרגינען;
פונקט אינדערמיט אף די טישן צעשטעלט,
ווי אין הויפּט־גאַס זיינען צעשטעלט די לאַמטערנס.

שנעל ווערן לאַנגע בענק באַזעצט:
פאַר יעדן א ווייַסער, גאָר פייַכטלעכער טעלער.
שנעל וואַקסן אויס די וואַזעס מיט באָרשטש,
שנעל גייט די קאָכליע פון האַנט צו האנט.

איכ זיצ אינדערמיט,
פרעמדע — ארום;
מיר קוקן זיכ איבער:
„ווער הייבט אָן דער ערשטער?"

אלעמענס בליקן פאַלן צונויף
צום מיידעלע דינעם אין העלרויטן טיכל.
הייבט זי זיכ אוף און מיט האנט מיט געטרייַער
טיילט אלעמען איין פון פולן הארצן.

אַנטקעגן אף וואַנט הענגט א פלאַקאַט:
„די בעסטע פרויען — אין דעלעגאַט־פאַרזאַמלונג".

24

אינדרויסן איז שיפע נאַכט.
אין צעך איז טאָג און גערויש.
כ'גיי מיטן עמער —
זייפ־וואַסער ברענגען דעם טאָקער־וואַרשטאַט:
די שניצערס צעהיצטע צו קילן.

טראָג איך דעם עמער און זוך איבער צעכן,
וואָס שרייַען מיט ליכט און געשפּאַנטע מאָטאָרן.
כ'בין דאָ נאָך פרעמד
און איך שעם זיך צו בלאָנדזען מיט ליידיקן עמער,
וואָס לאַנג איז, און איך בין א קורצער.
„ווו איז דאָ?..“
„ווו נעמט מען?..“

אט איז זי, די זאַל, די בענאַרטע,
מיט טשאַנען אין רייען אם הויכע בימעס;
זייפ־וואַסער פעטע, ווי מילך,
און ניקלנע קובן מיט וואַסער געקאָכטע צום טרינקען.
א ריזיקע וועכטערן גרייט און באַהיט
די געטראַנקען.


3. ל. קוויטקאָ 1907.

25

א גרויסער קאָהעד צו רופן זיך שלאָגלער: אויב
א פּאַרטייער, דאַרף ער אַוואַדע א מוסטער זײַן.
„פּאָנפּיאָראָה, גיב דעם „פּראָליאָט" א באַריכט וועגן זיך".

זײַן קערפּערל קליינס
דרייט זיך געשווינד, די וואָנסן ווי פליגל
צעצויגן און רויט:

„וואָס דאָ צו רעדן.
„וואָס!
„א שלאָגלער און גאָר.
„אין מײַן בריגאַדע קײַן בראַק איז ניטאָ.
„פּראָגול? וואָס: נאָך דאָס וואָלט געפעלט.
„ווי גייט די פאַרמעסטונג?— פלײַסיק.
„וואָס!
„צי סילן מיר אויס דעם פּלאַן? ווי דען?
„צי צוגעפּעסטיקט צום זאַוואָד?
„שוין צוגעפעסטיקט א יאָר דרײַסיק.
„וואָס!
„„און רעדן גלאַט וועל'כ אויך נאָך קענען
וואָס!"

צום סאָף פון דער נאַכט - מישמורע
איז מיר פאַרסאַמט דאָס הארץ:
מיטן זיבנונפערציקסטן עקבויר
געבויערט האָב איך אין צעהיצטן שטאָל.
מיט אָנשטרענג פון לײַב,
מיט וואָג מיט דער פולער פון קויכעס.
קײַן צײַט ניט דעם שווייס אָפּצווישן,
וואָס אונטער די אויערן קיצלט.

האָב איך דעם מײַסטער געפרעגט,
צען מאָל געפרעגט:
— צי וועט ניט דאָס שפּינדל ארויס פונעם גניזסט,
צי איז ניט געגוג?
ער האט ניט געענטפערט
און דרייען געהייסן פאָרויס.

איצט איז דאָס שפּינדל ארויס.
דער מײַסטער קוקט באַסעם אף מיר,—
סע באַברען צוויי טאָקערס ארײַנשטעלן אים אף צוריק,
פאַרלירנדיק גאָלדענע דרײַ פערטל שאָ.

כ׳זאָל ניט געווען פיל מאָל פרעגן דעם מײַסטער,
וואָלט ניט געווען אזוי גרויס מײַן פאַרדראָס.

27

פאַרשמײַעט, פאַרוואַקסנ מיט באָרד מיט געדיכטער, —
צו הײַנטיק געווענ איז מײַנ פלײַס
אינ די ערשטע פאָר טעג.

שוויציק, אינ אײַלעניש, טעג ניט געגאָלט זיכ,
טײקעפ צו אלצדינג געכאַפט זיכ,
נאכ איידער פאַרשטאנענ דעמ זינ פונעמ טועכצ, —
פאַרבײַט איכ דעמ דרינמעסטער מיטנ קראָנצירקל.

דער מײַסטער — א הייב מיט אַנ אַקסל,
טוט מיט זײַנ מײַלכל א געגנע ניט נוטס אפ מײַנ כעשבנ,
ווינקט צו א צווייטנ מיט כויזעק.

באמ סאָפ פונ דער וואַכטע,
באמ אויספוצנ רײנ די געצײַגנ
מיט קנוילנ פונ שמריקלנעמ אָפפאל,
טוט ער גוטמוטיק א זאָג מיר:
— „טאָקער, טאָק זיכ אָפ די באָרד“.

לויב_אונ רומ גייט ארומ וועגנ מײַסטער פונ קאַליבערנ,
זײַנ נאָמענ מיט שוואָכימ געקרוינט
איבער אלע זאַוואָדנ.
קיינ גלײַכנ צו אימ איז ניטאָ,
וואָס זאָל קאָנענ די קונסט אזוי טיפ, אינ גאנצ פ. ס. ר. ר.

האב איכ זיכ עטלעכע טעג געקליבנ א קוק טאָנ אפ אימ,
צוליב אייגענעמ נאַכעס,
ווי אויכעס צוליב א ליד פונ אימ שרײַבנ.

כ'האב פונדערווײַטנס געזעענ א מעכטיקנ קערפער צומ
סופאָרט זיכ בויגנ.
לײַכטער פונ יינגל באַוועגט זיכ,
פונ יינגל דעמ בלאָנדנ,
אפ וועמענ דאָס גליק איז געפאַלנ באמ מײַסטער זיכ לערנענ.
לופטיק באַוועגט זיכ,
אָבער ווי טיפ איז פאַרטיפט אָט דער מעכטיקער קאָפ בא דעמ
סופאָרט!

אזוינס האב איכ איינמאָל געזעענ שוינ:
א פידלער באמ שפילנ, א וועלטבאַרימטנ.

געקומענ דער מײַסטער אינ צעכ א נײַניאָריק יינגל,
א מאַנ איז ער איצט פונ נײַנונפערציק.

ס'האט אלעמענ צעקאָכט,
אלע ביזנ בלוט געטראָפנ:
מיר ווייסנ, ווזהינ סע פירט אונדז די פאַרטיי.
מיר גאַרטלענ די קויכעס אונטער,
אונ נאָכאמאָל שטאַרקער,
אזוי, באָלשעוויסטיש,
אונ פירנ דאס לאנד פונ די קלעמענ ארויס.

איז אויב א פאַרשוינ,
ווי כאַווער האַלפערינ,
דערצו נאָכ אליינ פונ קאָמיוג,—
אויב אזעלכער טוט אזא זאָג,—
איז מאַכט עס אים קלאָר
אונ ווייַזט אים זייַנ אָרט:
מ'האט אים געהייטנ בויערנ לעכלעכ,
זאָגט ער: ער בויערט ניט פאר פינעפ קאָפּיקעס
א שטיק!

30

מיר, וואָס די קויכעס ניט קאַרגנ, זאָלנ מיר לאָזנ
זיכ קריוודענ?

מיר וועלנ — אָנ אונטערשייד וועמענ, — קיינעמ
דערלויבנ דעמ וווקס פונ דער שלאָגלערשער
ארבעט פאַרהאלטנ.

אונ אז מ'האט הײַנט סכירעס געצאָלט,
איז מאַכנ פאַרשווינדלעכ א יאָנטעוו,
מע קומט ניט צומ נאַכט־שיכט?
אָט שטייענ די גרויסע מאַשינעס. איבער זיי,
נאָר ליכטיקע לאָמפּנ — סע פעלנ די קעפּ,
וואָס דארפנ געניגטע זיכ באָברענ איבער
צעבריטע מעטאַלנ.

סע וואַרט אתדזוער קלאַס,
זײַנע ערדנ צעגראָבענע וואַרטנ.
איז נא דיר גאָרנ! — שיקערע קעפּ ערגעצ ליגנ אונ
כרוקענ אינ נודנע כאַלוימעס.

מיר וועלנ — אָנ אונטערשייד וועמענ, — קיינעמ דערלויבנ...

כ׳האב אים באַם קנופ פונ טראַמוויַיענ
באגעגנט, צום רינג פונ זאַוואָדנ,
מיט ארבעטער־אוילעם זיכ דרינגענ צום אײַנגאַנג,
גלײַכ איכ ער דאַרפ צום ווארשטאט
זיינ פינקטלעכ.

ס׳איז דאָכ פונ רודנעווער מערקל דער קרעמער!

באַומרויִקט האט מיכ זיינ אויסזענ:
מיט וואַטענעם לײַבל אונ קעפי — אנ
ארבעטער גלײַכ.
— ווּהינ אזוי פרי?—האב געפרעגט אים.
— אינ דאָרפ דאַרפ איכ,— האט ער פארדומפנ געענטפערט.

נאָר אינ שטראָם צו זאַוואָדישע טויערס
האב איכ באַמערקט אים—
ארײַנ אונ פאַרמישט זיכ.

ערגעצ פאַרטײַעט צווישנ וואַרשטאַטנ
דרייט זיכ דער קרעמער פונ רודנעווער מערקל.

דער יונגער שאָכן מײַנער האָט אָנגעשטעלט
דעם טעס־צאָג
אַף היפּשער באָלוואַנקע
און צו צו מײַן וואַרשטאַט א קלײנינקן שמועס טאָן.

אַף אײַזערנעם קני־וואַל
גײט זיכער מײַן שניצער,
באַלײט פון די הענט און
באַוואַכט פון די אויגן;
די אויערן זײַנען געניגט צו דעם שאָכן.

א ברוינער, פון אימפּעט פאַ־בראָטן,
פײַערט זײַן אָטעם מיט האַס
צו דעם שעדיקער־בונד, וואָס אנטדעקט איז:
— פאַרניכטן איז ווײניק,
און מײנסט, אז באַ אונדז אין זאַוואָד דאָ?
ווער ווײסט, וויפל שלאַנגען,
קולאַקעס,— זײ האבן די פּי אונדז צעקוילעס,—
אונדז אונטערצוריַסן די קויכעס.
זײ פּאַקן פּאַפּירלעך און קריכן אריַן אין זאַוואָדן,
הינטער די פּלײצעס אונדז טאָטשען.

פלוצים, די שײַנע װערט געשלאָגן;
נאָך אײדער מע הײבט אױף די קעפּ
צו די לאָמפּן,
גײט שױן די שײַן אױס.
פֿינצטערניש קומט אין די צעכן,
און פֿראַגעס פֿאַרדריסלעכע פֿליִען, װי שפּיזן:
— װאָס הײסט עס?
װי קומט עס —
דער דורכרײַס לױערס.

פֿון ערגעץ א זײַט כאַפּט זיך אױף א געװאַנג
פֿון דער יוגנט, —
די ליידיקע װײַל מיט א לידל פֿאַרפֿולן;
א מײדלשער פֿרײלעכער קװיטש,
װי אין װאַלד, איז דער אָפּהילך.

כ׳סאַפּ צװישן אײַזנס א װעג
און טרעף אָן מײַן שאָכן;
זײַן פּאָנעם צו מײַנס פֿיל איך נאָענט;
זײַן אױמרו אױך מיר גיט זיך איבער:
— פֿאַרװאָס איז קײַן ליכטלעך ניטאָ,

צי קאַנעצלעכ פּאָשעט ?
ווי לאָזט מענ אינ פינצטער די צעכנ ?
אנ ארבעט באם סוינע איצט אָנטאָנ א שאָדנ ?—
א שרויפּ אינ די וואַלצנ אונ — פּאַרטיק.

34

אין א ווינקל פון צעכ,
אין א דראָטענער בודקע
שטייט די געפאַנגענע עלעקטרישע קראַפט.
אליינ דער טויט האלט די וואַך בא דער בודקע:
ער וואָרנט אראָפּ מיט א מענטשלעכן שאַרבן,
וואס אונטערן קינ אים
צווי ביינער מיט קנאָכן.
אינ שטערנ א בלוטיקער בליצ האט געטראָפן,
וואָס טראָפּנט ארויס פון די צייג
מיט איינציקע טראָפּנס.

פונ אונטער די גלעזערנע דעכלעך פון צעכן,
פארבייַ ארמאטורנ
טראַנסמיסיעס א וואַלד
ציִען עלעקטראָ־קאַנאַלן,
די אומגעהייַערע קויכעס,
צו דראָטענער בודקע,
זיי ציִען און קניפּן זיי אָן אפ די טראַמאָרנע ברעטער
מיט נאָפּלען,

מיט קנופּן באַ עלעקטרישע גאָפּלען.

און ס'טרעפט אמאָל:
ס'שליסט אויף די בורקע א פאָשעטער יאַטל
און הײמישלעך נעמט זיך באַגײן מיט געפּאַנגטע געפּאַרג,

דער טויט קוקט צו:
דער יאָט האַלט די וואַך.

35

רויטע קאָמאַנדירנ א קאָמאַנדע
געקומענ העלפנ דערבויענ
די צעכנ די נײַע.
זיבנ גאַנצפרי זיכ גענומענ צום גראָבנ:
די נעסטנ פאַר קאַבלס
אונ לײַטונג פאַר וואַסערס.

אונ ווענ צו דעם מיטעק מיר זײַנענ געגאַנגענ,
האָבנ זיי גראָבנס ביז אקסל געהאט שוינ.

פונ צעכנ פעט־שטויביק אונ פריילעכ
וואַרפנ זיכ ארבעטער איבער מיט ווערטער,
די גראָבערס די געזונטע הערנ ניט אופ
זייער ארבעט.
די קעפ נאָר זיי הויבנ
אונ ענטפערנ פריילעכ.
סע שטעלט זיכ אנ ארבעטער אָפ
אונ בייז ברויגעזער בורבלט:
— אומבאדינגט באַלד זאָלנ אָנטאָנ
די גראָבערס
די העמדלעכ.
וואָס הייסט עס?—
א גריפ קענ מענ כאַפנ!

36

א דערלאַנגערקע האט זיך פארשפעטיקט דעם מיטעק
דערלאַנגענ:
קלאַפּנ צוויי רייענ מיט לעפל אינ טישנ, אינ טעלערס,
אונ מײַלער דאָ גרילצנ, אונ ס׳מישט זיך
מיט כליעפּטשענ פונ אנדערע טישנ,
מיט דרינדזשענ אונ קרעטשקענ פונ וואָרטשענדנ ראַדיאָ,
מיט זשומענ פונ מאַסנ: באַם אײַנגאַנג,
באַם אויסגאַנג,
באַ דורכגענג,
באַם פענצטער פונ קאַסע,
בופעט, פּאַפּיראָסנ.
דאס רעכטע - גערדיכטע, — דער קניפּ —
איז באַם פּיאַנאָ:
דאָרט קלאַפּנ געקאָוועטע פינגער א האָפּקע,
אונ יוגנט מיט הענט,
ווי מעטאַלענע פלעצל,
פליעסקענ צום טאַקט צו דעם פּאָרל, וואָס טאַנצנ מיט
ערנסטע פּענעמער איינס קעגנ צווייטנ.

יענע נאַכט האָב איך געטאָקט און געהובלט
קאַנוסן אײדלע,
־י צײכנונג דערלערנט
פת, דרינען און דרויסן;
אָן אופהער די שטאָלענע מעסטערס געמאַטערט
צום הונדערטל טײל מילימעטער.

דער שלאָס האט דאס כּיעס געגאָגט און געזויגן:

דער סוינע פון בויונג, פון קיעמס, פון גרונטן,
דער שלאָס האט צעשרויפט מיך,
באהערשט יעדער אײוועד:
און טוט מיך א שטעל אלע מאָל אינדערקרים,
גלײַב בין א קאָנוס אין הענט פונעם שלאָס.

—

ווען בין דערנאָך פון דער אַרבעט געפאָרן,—
א בעקער־אַרטעל האט ארויסגעשיקט פרישינקע בײגל.
— כ'וויל ניט קײן בײגל,
כ'ויל שלאָפן.
פלײש פריש אט יאַטקישע שטעלעכער.—

— כ'וויל ניט קײַנ פלייש, —
שלאָפנ !

מ'האָט קישנס געבראַכט דער צעטייל-קלייט
פאַר שלאָגלערס. —
אָט, אפ א קישנ בינ איכ א באַלג.

ווי מע דערזעט דאס קאָמישע נעפּעש :—
דעם טעסלער־וואַרשטאַט מיטן קרומען צאָן,—
איז גלײַך, ווי איך צירק
מע דערזעט דעם קלאָון.

דער איינציקער צאָן,
וואָס שאָקלענדיק שפּרינגט,
שפּײַט שאָלעכץ פון שטאָל,
ווי וואָלט קערלעך געקנאַקט.
דער שאָטן פון רוקן לויפט אום אף דער וואַנט.
דער צאָן פאָרויס — איז א שניט אין מעטאַל,
דער צאָן צוריק — איז א פוסטער פראַל.

פאַר דער מאַשין־פאַרזעעניש אפילע
האט אויך זיך א פרײַנט געפונען :
געשטרעקט איז אף דעם א געטרײַע האַנט.

אַנדערש זעט מען ניט דעם געלן טעסלער,
ווי נאָר געניגט דעם קאָפּ צו זײַן וואַרשטעט,
צום צאָן און צום מעסטער.
אַנדערש קוקט ניט זײַן בליק,
נאָר פֿאַרליבט אין ארבעט אין שיינער,
אין טעסען.

אין מיטעק־האַפּסאָקע באהאנדלען די צעכן איניאָנים
פֿון לאַנד, פֿון וועלט, פֿון ווירטשאַפֿט.
בלײַבט ער באַם וואַרשטעט און שפּיצט אָן דעם אויער,—
פֿונוויַיטנס ער שפּירט נאָר.
אין שאָ, ווען סע שטייען פֿארשטומט די וואַרשטאַטן
און שיכטן זיך בײַטן,—
אויך דער דרויסן שוין בײַט זיינע פֿאַרבן.—
ווייסט מען ניט קיינמאָל:
צי קומט ער,
צי גייט ער;—
ער דרייט זיך, דער געלער,
טאַרכיפּט און פֿארליבט אין זײַן ארבעט.

איז הײַנט דער אַלטער נאָך אונטערן גלעזל צו דרײַסער
מישמוירע געקומען,
צערײצט און בּאַרויִגט
ער שאַפט זיך מיט מיר אַפּן ווונק.
אַפּן ווונק איז שווער צו פאַרשטײען:
„פּײַלן דעם קאַנוס,
צי שנײַדן דעם שרופּ?"
ער שטעלט אַן דעם שניצער און שנײַדט אַפּ קאַפּויר,
ווײַזט איך אים אָן,
שעלט ער מיך אויס און מיך לאָזט ער טאָן.
— הער נאָר! — זאָגט ער, —
אַרבּעט די נאַכט
און בּלײַב נאָך אַפּ אַ טאָג.
מײַן מײַסטער איז ער,
איז מײַן ענטפער אים:
— גוט.
... פאַרטאָג פעלט מיר אַרבּעט שוין אויס.
כ'נורע זיך אײַן
אַפּ אײַזערנעם טיש
אין שלאָסערנעם צעך.

צוקאָפּנס — דער אײַזערנער שרױבשטאָק, איז האַרטלעך.
פּאַלט אָפּ מיר אָן
דער װוּיל-גוטער שלאָף,
ביז אױסװוּפּן װעט
פֿונעם מײַסטער דער טרונק.

גליקלעך די מאָס פֿון מײַן שלאָף איז געװען:
צו נײַעם אומבײַט זיך אופגעכאַפּט פּונקט.

41

## ע ר ש ט  ב י ל ד

איז נינע און פאַשע מיט אנדערע גלײַכ
פונ דער בירזשע געקומענ,
דעמ קנופ פונעמ װײַטערנ לעבנ
אינ צעכנ פארקניפנ.

הערשנ דאָ קרעפטנ,
װאס קנעטנ מיט לײַכטקײט
מעטאַלענע מאַסנ,
אונ שװערקײַטנ גרױסע —
װי שפילעכלעכ װאַרפנ.

דערשטױנט װערנ נינעס באַװעגלעכע אַקסלעכ, —
ארומ די אױגענעס
יונגע
א שמײכל צעבליט איז.

אונ פאַשע, קאַלטבלוטיק,
װאַרפט פאַס׳קלעכ שײַנ
דורכ רױטלעכע הױעס.

דער עלטסטער האט צוגעשטעלט נינען
צום ארבעטער ראוין,
און פּאַשען — צו שטיינען.

און מען, ווי שפּאַקטיוון,
באַווייזן איך ווייטן העלע קאָליויעס.

## צווייט בילד

ראַזינג — א שלאָגלער,
א דרייסטער פּאַרטייער,
דעם רומפּולן וועג פון קאָמיוג ערשט פאַרענדיקט, —
ציט נינען אריַן אין דער לערע מיט כיישעק:
די קונסט זאָל זי קענען, א שלאָגלערין ווערן!

דאס בלוט אין די אָדערן פליסט איר פאַמעלעך.

איר פאָטער, מיסטאַם, האט אפילע אין טרוימ
קיַין זאַוואָד ניט געזעען.

זי ציט זיך אריַין
אין געראַנגל פאַר טערמינס,
פאַר טעמפּן,
פאַר שלאָגלערשע וועגן,
און כאַפּט
א פאַרבאָרגענעם קוק אפן לערער:
צי יאָ,
צי געפעלט אים,

צי גוט אזוי טוט זי...
און שעמט זיך.

און פֿאַשען פֿאַרדריסט עס;
זי כּויעקט פֿון שטיינער:
פּארוואס ביסטו, שטיין,
ניט קיין שלאָגלער,
דו, באָכער! —
איז פֿאַשען פּארדראָסיק.

43

## דריט בילד

צוויי שלאָגלער־בריגאַדעס —
פאַרמעסטונג געמאָלדן:
אין איינער איז ראַזינע און נינע,
אין צווייטער —
איז שטיינע און פּאַשע.
— שטיינע, ניט דערלאָזנ,
סע גייט אין דער ערע!
רירעוודיק ווערן!
— קענסטו ניט, פּאַשע, דעם ראַזינע,
ס׳א רוק א פאַרשײַטער!
— בעבע ניט, שטיינע,
רירעוודיק ווערן!
סע גייט אין דער ערע!

פּאַשענ גייט אין דער ערע פון לעבן
דעם נײַעם:
פון מאַן זיך באַפרײַט,
און דאָס קינד
זיך צענומען —
באַנײַט זיך איר גורל:

דרײַצן בינדיונעס
פארמאָגט האט איר הערשער.
אפ אָנטרײַבערס דרײַצן
האט ער געוועלטיקט;
פאַשע, די פערצנטע, האט אים געדינט
און מערער פון אַלע
פארזוכט זײַן אַכזאָריִעס.
פון זײַנע
געקאָװעטע רעדער,
הײַזער אין גאס זיך געטרייסלט;
א כאָשעװ א גרויסער געװען
אין דער שׂענק פון רײַאָן.

נים גרינג האבן טרײַבערס באפרײַט זיך
פון אונטער זײַן װילן,
און נאָך מיט גרעסערע צאָרעס
האט פאַשע דערגרייכט עס.
— גוט אזוי, שטיין,
דעם דורכרײַס ברעכן,
און בעסער נאָך, מערער!
סע גייט אין דער ערע!

## פערט בילד

נינע שטייט שוין אליין באַם וואַשטעט,
און פּאַשע אויך.
נינע די נאָרמע יאָגט שוין אַריבער,
פּאַשע — קימאַט;
נינעס שוין רעכנט מען איינעם אַקטיוו,
פּאַשע דעריאָגט;
נינע א מוסטער, א שלאָגלערן איז, —
פּאַשע נאָך ניט;
נינע איז נאַכטיקער וואַכטע
איז פלינק,
פּאַשע שלאָפט אײַן;
נינע איז שוין א פּאַרטיי־קאַנדידאַט,
פּאַשע נאָך ווײַט.

נאָר פּאַשע גרײַפט אָן
און גרײַפט אָן
און וועט גרייכן.
אָבער פאָרדראָסיק איז פאָרט
און סע שטעכט זי:

— שטיין, דו זע,
ווי ס'האט ראזינג
אפ נינעג בעוווירקט!
אַפ וואַסערע וועגנ
די נינע ער פירט!
שטיינ, דו זע!

45

די אײַזערנע פיס פון מאַשינעס
פאַרמויערט
אין קלאָציקע דיל פון די [illegible];
פעס איז דער דיל און [illegible]:
פון אייל און שוויס
און פײַער און וואַסער און [illegible],—
פון טראָט פון די שטורעם־בריגאַדעס.
הינטער די קערפערס פון שווערע מאַשינעס
צונעשמידט שטייען
די אײַזערנע בעקנס
פאַר זייער „באַדאַרף״.

46

אראָפּגעבראכט פון אויסלאנד
דרײַ פרעזער - וואַרשטאטן,
אַוועקגעשטעלט סאמע אין שפּיגל,
אפ כאָשעווע ערטער;
גלאַנצט זייער נײַקייט,
שרײַט זייער גלאַנץ:
„מיר זיינען נײַ"!

האט א קאָמיסיע פון ארבעטער בעסטע
באקוקט און געפּרוווט
און באטאפּט און צעגלידערט, —
באזונדער די טיילן
און קערפּערס די גאנצע, —
און מיט די ווערטער
געקומען צום אויספיר:
„פארעלטערטע טיפּן,
„דראפּיטשעס אלטע,
„מיר [illegible]פן פאר בויונג
די בעסטע סיסטעמען".
און ארבעטער האבן מיט ביטל

געקוקט אפֿן פּרעכטיקן אַלטוואַרג
און אויסגעוועקט
צאָרן און כּשאַד צו דער האַנט,
וואָס האָט אַם זיי בלוטיקע געלטער געפּאַטערט.

47

איידער כ׳האב ארומגערייניקט די מאשין,
וואס האט א גאנצן טאָג געהאָרעוועט אפ אייזן,
אפ האַרטן שטאָל געקרעכצט,
פארשטויבט זיך די גערעדים,—
בין איך שוין דער לעצטער
געווען פון מײַן שיכט.
דער לעצטער מײַן נומער גענומען פון טאַבל —
ארויס אין דער הערשאפט פון נאכט.

א טיר פונעם שטאמפ־צעך איז אופ,
אויוונס — אָפן.
פאַרטיקע קוילעטשן־גוילעמס פון אײַזן,
טשוהונ —
ארויסגערוקט שטייען:
אופגעגאנ פורקע,
גליען אין נאכט
מיט העלישן פײַער.

דאָ גרייטן די שטעמפלער
דאָס פײַער־געבעקס פאר די צעכן,

וואס וועלן עס נעמען אין צוואַנגען
און פורמען געשטאַלטן פון זיי:
ריזן־מאַשינעס.

מיט זיי
וועלן פֿיערשע שלאָגלער־בריגאַדעס
די ערדן באַנײַען,
און גאָב, וואָס די וועלט ניט געזען נאָך,
באַקומען פון ערדישע סיפן.

48

אַלצײַנס, װי הױכ דער גראַד פֿונעם דאָרשט,
מיר טרויען ניט בּרונעמס אין סטעפּ;
אין װאַלד־געװילד,
אין זשװאַבּרעס — די קװעלן.
מיר טרויען נאָר דעם װאַסער
פֿון דער װאַסערלײטונג, —
און די װעלן מיר אומעדום צעשטעלן.

49

באַם זײַט פֿון גיגאַנטן־געראַנגל פֿון קלאַסן
פֿאַר הערשאַפֿט אױף ערד —
דױערן דריבנע געשלעגן:
פֿאַר דריבנינקער גלוסטונג,
װאָס שפּילט אינעם בלוט.

אַ קעלעכיק מײדל,
אַ יונגע,
פֿון יענע,
װאָס סילן די מעשלעך אין צעכן,
װאָס סילן זיך פֿרײלעך
אַ טאָג נאָך אַ טאָג
אַ זאַװאָדישן לעבן,—
שטײט נאָך אַ װײַל באַם פֿאַרענדיקטן מיטעק,
כעװרעלײַט װאַרפֿן איר שפּילעװדיק
ברעקעלעך ברױט פֿונדערװײַטנס.

אָבער סע װאַרפֿן אַמפּלינקסטן
אַ בלאָנדער און שװאַרצער,
און אײנס אַפֿן צװײטן
זײ שיסן מיט בליקן.

פלוצים א רעגע:
אָן אופשפרונג,
א פלאָנטער פון הענט
און א פליאַסק איבער באַקן:—
רויט איז דער בלאָנדער
און בלאַס איז דער שוואַרצער.

פאַר דריבנינקער גלוסטונג,
וואָס שפילט אינעם בלוט—
דויערן אלץ נאָך געשלעגן.

50

א יינגל מיט דאָרפישע געווינשאַפטנ מיינט,
אז שלעכט איז צוגעטראַכט די דריטע וואַכטע,
„באַטאָג שנייד איכ אָנ
א שרויפנ צענ,
באנאַכט — נאָר זעקס,
אונ ווער פארמאַטערט.
די ערשטע נאַכט — נישקאָשע,
די צווייטע — שוינ שווער,
די דריטע — מיט וואַסער זיכ שפריצנ,
די פערטע — העלפט שוינ ניט לייגנ
קיינ סיכלעכ קיינ נאַסע צום קאָפ, —
די נאַכט פאָדערט אירס!"

בידעלאָ דרייט אויס דעם קאָפ צו דעם יינגל:
— אלטע געווינשאַפטנ ווארפט מענ אראָפ.
מיר פירנ די בויונג.
ווי טאָג-ליכט ווערט זיינ די עלעקטרישע שיינ,
ווערט שוינ ניט וויסנ פונ מידקייטנ גרויע. —
אינ הענט זיכ גענומענ — פעסטער געבויעט!

51

ארויס פון געריש פון די פרעזן
און שלאָסער־וואַרשטאַטן,
וואס פילן די לופט אָן מיט פריִען
און פרעגלען
און פעטן מעטאַל־שטויב.

אַרײַן אין דער שטילקײַט פון צעכ פונעם זאמלען.
ניטאָ דאָ קײַן נאַכט־שיכט,
קײַן מענטש ניט.
א שורשען א שוואַכס
גיט דעם טאָג פון דער שטילקײַט.

אין שטילן גערוים פון דעם זאַל,
וואָס זעט אויס, ווי ערשט נאָך א האָבן,—
צווישן צעוואָרפענע טיילן —
איידעס פון קויכעס און ווייען,—
ריזיקע צווילינגן שטייען:
נײַ־געבוירענע טראַקטערס.
באַקוקט שוין, געפרווט שוין, געעפנט, פארהויבן־
זיי טויגן.

פונ פרווונג דער שווערער
א שוויס האט די ריזנ באשלאָגנ:
טריפט פונ זיי טראָפּנס אינ שטילקייט,
סע פאלנ די טראָפּנס:
„הייַנט ערשט פארענדיקט —
מאָרגנ אינ וועג שוינ,
מאָרגנ אפ אנדערשנ
גרויסע מערכאַקימ".

52

שוין עטלעכע מאָל אין די לעצטע דעקאַדעס,
אַז מיטעקצײַט גייט
אַ באַזונדערס פּאַרטייִשע פֿאַרזאַמלונג
צווישן די פּרעזערס.
סע טרעטן אַרויסעט די אַרבעטער יונגע
הייס און פֿאַרזאָרגט,
די מערער באַיאָרטע —
פֿאַרזיכטיק קלויבן די ווערטער.

סע ווערט דאָ געזאָרגט פֿאַרן גורל
פֿון אײנעם אַן אַרבעטער־ייִנגל, —
אַ זעלטענער מויעך
און הענט פֿון אַ מײַסטער;
נאָר שוין אַ צײַט,
אַז האָט אָנגעהויבן טרינקען.

אָט שטייט ער אַ מאַטער
און הערט אַ פּאַרטייִסטער
די ביטערע רייד פֿון געטרײַשאַפֿט,
דאָס ניכטערע פֿליאַסקען פֿון כאַוועשע זאָרגן.

ער ענטפערט אָפּ פֿראַגעס און ווערט —
דעם אָטעם סאַרקאַזם, — אַזאַ אורטייל,
וואָס דאַרף אים פֿון שלעפּ־גראָז דעם דולן,
פֿון אָפּגרונט, פֿון שיקרעס
אָפּ ליכטיקער אויבערפֿלאַך ברענגען:

„לאָמיר צעטיילן אַ זיך
די אַרבעט פֿון נאַכט־שיכט,
און זאָל ער זיך רוען
א־גאַנצע דעקאַדע.
צו אונדז זאָל ער קומען,
ווינען מיט אונדז אין דער יוגנט־קאָמונע.
און דאָס זאָל די לעצטע וואָרנונג זײַן". —

אַזוי איז געווען דער באַשלוס.

53

סע שליסט זיכ אָפּ דער שטראָמ
אינ עלעקטרישע קאַנאַטנ ;
טראַנסמיסיעס פאַרענדיקנ אינערט
דעמ לעצטנ שטויס.
אינ צעכ ווערט שטיל.
פאַרזאַמלונגענ.

•

צווישנ הונדערטער מאַשינעס
קלינגט אופ פונ פארשיידענע ערטער א קאָל.
אינ קאָרפּוסנ־ריזנ,
ווו ס׳ריידנ נאָר שטענדיק מעטאַלנ,
הייבט זיכ ניט אופ אזוי הויכ
א מענטשלעכע שטימ,
נאָר סע גענוגט פאַרנ אוילעמ איר פלי איבער צעכנ
אונ זיכער איר אײַנדרינג
אינ בלוט אונ אינ סייכל :

„מיר בויענ, וואָס מיר ווי׳נ,
אונדזער ווילנ איז קלאָר.
נאָר וואָס טויג א פלאַנ,

אז מיר וויסנ ניט קלאָר
וועמענ מע האָט ? —
אסאך פליִענ אומ
פונ זאַוואָד צו זאַוואָד.—
פארפעסטיקנ לאָמיר זיכ
ביז סאָפ פינפיאָר !״

54

ווּ׳היִנ שוּימסטוּ, לײדיקגײערקע לעוואָנע,
אזוי אומבאַזאָרגט, אזוי ניט געהײַעט?
א לוסט־שפּאציר מיט שטערנ א סטײַע
אינ הויכער נאַכט, אינ ווײַסער ראָד.

אונ מיר פונ אלע זײַטנ שפּאַרנ אפ טראַמווײַענ,
מענגעסווײַז, מאַסנווײַז
פּאָרנ מיר שטורעמענ
נעכט אינ זאַוואָד!

— „נו,
שרײַב דיר שוין אויס אינסטרומענטן, —
זאָגט באַם אוועקגײן דער אַלטער, —
ביסט שוין אַן אונדזעריקער,
נעם שוין אָפּ אײגענע מאַרקעס געצײַגן.
אָבער ניט מײן,
אַז דו ווײסט
און דו קענסט שוין
און שפּיצסט שוין איבער, —
די קונסט האָט קײַן ברעג ניט!
נעם דיר אַ בײַשפּיל פון מיר,
וואָס דאָס פערציקסטע יאָר שוין
באַ שניצערס.
קום אַלע טאָג אָפּ אַביסעלע פריִער
און גײ אַלע טאָג אָפּ אַביסעלע שפּעטער
און כאַפּ זיך אַרײַן
און באַקוק
און באַקען זיך
מיט אַנדערע צעכן,
וואָס לינקס אונדז
און רעכטס אונדז, —
די קונסט האָט קײַן ברעג ניט".

אין קעמערל שטייט היינט די פראגע פון קאַדרען.
ערנסט און שווער זיצן עלטערע ארבעטער —
עלטער מיט קאַמף און געראַנגל.

אָפּ אייגענע פּלייצעס געטראָגן
דעם יאָך פון רעאַקציעס :
פון איין רעוואָלוציע צעטרעטן,
די צווייטע ענדגילטיק געוואונען.—
זיצן די עמעסע ווירטן פון לאַנד,
די בויער - באַפעלער פון וועלט - קאָמונע.

ס'איז גאָרניט, וואָס פּענעמער
זעען זיי אויס ווי פארפרוירן,—
דאָס האָבן די שטאָלענע שנאָבלען פון שלאַכטן
און נויטן
צעפּיקט זיי.
אָבער די הערצער,
די ווילנס באַ זיי
זיינען יונגע פארבליבן!

א יונגע און גליקלעכע מענטשהייט באשאפן,—
איז זייער באַגער!

## 57

צווישן די מאַסן אָפּ בויונג פּאַרמאָסטענער
מײַסטערס געפינען זיך אײנציקע, קאָסטבאַרע;

מײַסטערס דערפאַרענע, אײנציקע־ האָסטו זײ,
מײַסטערס פון מי און געראַנגל געקנאָטענע;

גאָלדנער רעזערוו צווישן מאַסן צעשאָטענע,
באַיקאָ אקימיטש איז אײנער פון זײ.

קאָסמאַן געדאַליע — דער צווייטער פון זײ,
און אַנדערע ווײַטער א שטאָלענע רײ,

פירערס פון טעכניקומס, לערערס געטרײַע,
שעפערס פון קאַדרען פאַר וווּנדער־געבײַען.

באַיקאָ דער יונגער האָט דעמאָלט געמײַסטערט
פונ קײַלכיק פראָקאַטנע מעטאַלנ
פראָפילנ שטאַרק קאָמפליצירטע, —
ווענ מ'איז געקומענ אימ זאָגנ,
ער זאָל הײַנט ארײַנגײנ אינ קעמערל.

האָט סעקרעטאַר אימ באַווײזנ מיט ציפער
אונ צאָלנ
דעמ צוווּקס פונ קאַדרענ —
מאסנ נאָכ רויע פונ דערטער אונ שטעטלעכ —
אונ באַיקאָ דער יונגער
זאָל ווערנ קולטפראָפ אינ די צעכנ.

האָט באַיקאָ צוריק אימ באַווײזנ,
אז ניט פאר די קריכעס טאר זײַנע
צו הויבנ אזעלכס,
אונ כוץ, וואס אלײנ נאָכ קולטור שוואַכ —
איז אויכ איג די יאָרנ צו יונג נאָכ.

אונ נאָכ א געפיל האט געקלעמט אימ:
פארלאָזנ דעמ קרײַז פונ דערפינדער,
ווי ער אונ נאָכ אנדערע ארבעטער
שטעקנ פאַרטיפט אינ אַ איניענ,

וואס דאַרפ אונדז נאָכ מעכטיקער טראָגנ
צומ ציל:
דער יונג־קאָמוניסטישער גײַסט
די וועלט זאָל באַזיגנ.

נאָר באָיקאָ האט גאָרניט געזאָגט וועגנ דעמ.

„ס׳פירט די פּאַרטיי אונדז
צו נײַע,
אַלצ נײַע ניצכוינעס,
אונ ס׳פעלנ פיל נויטיקע מענטשנ
פאַרפעסטיקנ אַלצ אונ אַנטוויקלענ.

„אַלע דאָכ זײַנענ מיט אַרבעט פאַרלאָדנ:—
אינ טאָג,
אינ געראַנגל אַנטפּלעקנ זיכ קרעפטנ!"

איז באָיקאָ געוואָרנ קולטפּראָפּ אינ די צעכנ.

באַטאָג,
צי באַנאַכט,
א שאָ א פרײַע געפינט ער.
קומט באָיקאָ צומ קעסטל געצײַגנ,
פונ קעשענע־טיפ —
דעמ שליסל אַרויס אפ דער שײַנ,
שליסט אופ דאָס געצײַג
אונ לײַדנשאַפטס טיפע אינ אַרבעט צעצינדט זיכ.
ער טיפט זיכ אַרײַנ:
צומ ציל,
צומ דערפינדונג!

פירט אונדז אַקימיטש
צום טראַקטערנעם נײַעם גיגאַנט.
ארבעטנ טויזנטער, צענ־צענער טויזנטער:
דאָרפישע, שטעטלשע.
שוואַרצ איז דער דרויסנ דאָ.
מענגעס פונ שטעט
אונ פונ ערטער פאַרוואָרפענע,—
פלײַסיקע, בראַווע.—
אויכ טרעפנ זיכ אויסוואָרפנ,
נעפלײַט אונ נעבעכלעכ,
רעשט פונ געוועזענעם
דרינגענ ארײַנ אונ ווילנ גענעזנ זײַנ.

ווער ס'איז פאַרווערימט,
אפ שאָדנ געריכטעט —
חערט אונ וועט ווערנ געפּאַקט
אונ פארניכטעט,
אונ ווער ס'איז א פרײַנט
אונ אפ נוצ וויל זיכ פירנ,
קאָכט זיכ דאָ איבער.—

בראָך דעקלאַסירטער,
בראָך אונ צעקראָכענע —
אינ ארבעס אינ קאָכיקער
ווערנ דאָ קנאָכיקע.
פוסטקייַט צעגראָבנ זיי,
גרונטנ צעמענטעווען.
נעכטיקע פוסטעניש
הייַנט שוינ דערקענט מענ ניט!

## ל ײ ק ע נ,

וואָס האט אָפּגעגעבן איר „יונג קאָמ-
יוגיש לעבן דעם בּויענדיקן לאַנד.

## דער אָפּפאָר

פול דער פּעראָן.
בּאַ פּאָרערס, בּאַגלייטערס
איז פריילעך די שטים.
די פּענעמער אונטערגעפירט
מיט פרילינג־פאַרנאַכטיקן גרים.
שפּילט אַנדערש דער בּליק.
און מע שפּירט:
אַ יאָנטעוו האָט אַלעמענס לייב באַרירט.

מיט אומגעדולד קאָכט דער לאָקאָמאָטיוו.
נאָר אַפן פּעראָן
גייען נאָך אום מיט באַגלייטערס
די פּאַסאַזשירן.
מע בּיַט זיך מיט אַדרעסן,
מע שרייַבּט נאָך בּריוו,
אונטער דער האַנט מע לאָזט זיך פירן.

ס'האַלטן נאָך אָפּ די אַרבּעטער־דעלעגאַטן
אַ לעצטע בּאַראַטונג,
אָפּ איין פּוס.
בּורזשואַזע זשורנאַליסטן — פּאַרפומירטע פּאַטן.
פלירטעווען אַ לייַכטן שמועס,

א ווײַל א צעמישעניש, מע צעשפּאַרט זיך,
מע לאָזט דעם וועג דעם פירער קאָטאַיאַמען.
מיר האָבן דעם פריידיקן געוווּס —
פירן איניינעם מיט אים דעם גרוס
אין ווײַטן וועג אזאַ מין.
מיר — פון זאַוואָדן, פון פּרעסע, פון ראַט.
ער — פון יאַפּאָנישן פּראָלעטאַריאַט.

פאַר אַלעמען פון אונדז,
ווו מע זאָל ניט שטעקן,
צי ערגעץ אין יאַקוטסקער עקן,
צי ערגעץ אין אוקראַינע
באַם פּוילישן קאָרדאָן, —
א יאָנטעוו איז, פון פרייד א גרוס,
אַז ערגעץ זיגט די מי,
די שלאָגלערישע פּראַצע.
די ווײַסע זשורנאַליסטן גייט עס אַנדערש אָן —
פאַר אייניקע — פּאַרדרוס,
פאַר אנדערע — סענסאַציע:
„אין ווילדן טורקעסטאַן,
„אין זאַמד, אין סטעפּ אָן ענדע, —
„סאָוועטישע פּאַנאַסיקער
„געלייגט א באַן...
„ס'איז קאַרג דעם ווײַסן
„אין קאָלאָניע-לענדער
„איצט דאָס האַרץ פאַרסאַמט —
„אין נאָ, פּאָרויס צום אויסברוך —
„נאָ דיר נאָך א שפּאַן!"

# נײַע פֿאַרשוינען און דער שמועס מיט זיי

גײט אונדזער צוג איבער זאַמדיקע סטעפּיקע ערטער.
פֿון ישעיו צו ישעיה איז ווײַט.
מ'איז מיד שוין געוואָרן.
די אויסלענדער פּרעסע־לײַט זײַנען פֿאַרטיפֿט
אין אַ קערטל:
די מיסטערס, די הערן, סעניאָרן.
אין אָרענבורג קומען פֿאַרנעמען די ערטער
אַרבקאָרן.

סע גלאַנצט ניט די קליידונג אויף זיי,
נאָר סע גלאַנצן די אויגן,
ניט מאַניקיורטע די נעגל;
הענט, וואָלט איר זאָגן, ווי קלעצער.
די קעפּ זײַנען פֿרײַ
און קענען זיך קנעכטיש ניט בויגן,
מונטער באַקוקט מען דעם גלאַנץ פֿון וואַגאָן דעם באַזעצטן.

סע שלאָגן זיך אָן מיט די בליקן די לײַט פֿון ביידע סיסטעמען
זײַנען אַרבקאָרן נאָך יונג,
אָבער אין קאַמף שוין געפּעסטיקט:
שטום אין געדאַנק אויף אַ ווײַל אַ געראַנגל:
„ווער וועמען?"

סע ציִען די אויסלענדער אָפּ
מיט די בליקן צום פענצטער.

און איינער פון זיי
פאַר אַרבקאָרן ער דריקט אויס א מיינונג:
„ס'א לענדל אָן טראַקטן, אָן מענטשן,
א לענדל פון בלויז קאַראַוואַנען".
אים ענ[illegible] ע יונגער ארבקאָר, א טאַדזשיק,
און [illegible]ערקיים שײַנט פון די ציינער:
„פארגעסט ניט,
ס'איז דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך און שפּאַניען,
איטאַליען אינײנעם —
קלענער פון לענדל פון איינעם,
פון דעם קאַזאַקסטאַנער!
די באַזע פון באַוול וועט זײַן דאָ:
אין טשיקמענט, אולע־אטע, דזשאַרקענט,
רײַז אין די טאָלן פון טשו און אילי,
פיצוכט און ברויט — אין די קרײַזן
אלמע־אַטער, סיר־דאַריער, סעמיפּאַלאַטער.
און קענדיר און קענאַפּ און כאַנדרילע און בלײַ,
און דער קוילן־באַסיין אין קאראגאנדינער קרײַז,
ס'ווערן געלערנטע בויער
די סטעפּיש־קירגיזישע מאַסן".

צערייצן ארבקאָרישע רייד דעם מאָסיע,
נאָר ער מיט זיך,
אלס גאַסט, א שמייכל צו טאָן,
ווי סע פּאַסט.

מיר פֿאָרן באַטאָג אין די היצן,
באַנאַכט אין די קעלטן,
ביז אונדז באַגעגענען
בערגישע קייטן.—
זעען די אויסלענדער יורטעס און מויליזלען —
קוועלט מען:
די בונטע עקזאָטיק אין שיינע בלאָקנאָטס מע צעקווייטלט.

„די בייען, באַסמאַטשן,
פֿון גרויסע מעלוכעס געשטיצטע,
האָבן האַריגעס פֿאַרקאָכט דאָ,—
די מאַסן פֿאַרקנעכטעט.
זיי האָבן געטויט און געראַבעט.
איצטער...״

סע בייגט זיך אַרבקאָר
צום פֿענצטער
און שמייכלט:
— אָט ווי מע בויעט...
— ע בייען, ע בייען,—
זאָגט מאָסיע און טראַכט פֿאַרטרויערט:

„דער רוך זאָל אים וויטן, דעם גייסט
פֿון פֿאַריזשער קאָמונע!
געשטאָלט אין די קוזניעס פֿון קאַמף —
די אייניקס נאָך דרײַסטער פֿון זיידעס!
פֿאַרפֿעסטיקט אַף זעקסטל פֿון ערד —
איז עס פֿון וועלט די סאַקאָנע,
ווי העלדיש אַנטשיידן!״

איז שוין די שטימונג געשלאָגן
באַ פּײַנע פאַרשוינען:
זיי פרעגן זיך נאָך וועגן מימעק,
דער ווען זיי — א לאַנגוויַליק־מאַטער.
אַרבן זאָרגן פארברוינסטע
דערציילן אונדז ווײַטער
פון פריידן און ליידן
אפּן גיגאַנט סטאַלינגראַדער.

# באַגעגעניש

ערשט ווען מיר קומען קיין אַריס,
טוט אַ שײַן אָפּ דעם מאָסיע די שכינע.
ווי אויך אָפּ אַלע זײַנע פֿרײַנט
גייט אויף אַ שטימונג זיס.

מיט בלינקע פּיס אָפּ דעם פּעראָן,
מיט פֿריילעכן „אַלאָ“
איינס דעם צווייטן רופֿן,—
ענדלעך, האָבן זיי איצט וואָס צו קילן זיך געפֿינען:
אָנגעקומען איז אַן עשאַלאָן
אַרויסגעשיקטע באַלעגופֿים,
בײַען אָנטבײַעטע — צווישן אונדז דרינען,—
וואָס מיר פֿון גאַנצן האַרצן זיי פֿאַרגינען.

פֿון פֿאָטאָ - אַפּאַראַטן
גייט אַ קנאַקערײַ: .
אַרויף אָפּ אַ בוים,
אָפּ אַ טרעפּ,
אָפּ אַ דאַך,—
כאַפּט מען אַראָפּ די מעציע — דעם בײַ.
פֿון שנאָרען, פֿון טנועס, פֿון פֿראַגן
דרינגט אַרויס אָפּן אויבערפֿלאַך

א קאַפּל קאָנטר־רעוואָליוציע
אם צעדרייטער שפּראַך.

און פון יענער זייט וואָקזאַל,
אם באַפרייטע פעלדער,—
א טראַקטער־קאָלאָנע טאַראַראַכט.

## צום יאָנטעוו

אומעטום פאַרזייט שוינ.
אומעטום וועס וואַקסנ.
ווילדע ווײַטע סטעפּעס
טראָגנ שוינ אפ אקסל
טראַקטערנע קאָלאָנעס.
קעמלענ קאַראַוואַנענ
בעטלעריש האַכנאָעס
לעצטנ גאַנג דערשפּאַנענ.

ניט־באַקאַנטע לענדער,
ניט־געזעענע שטאַמענ,—
זייער נאָוונט זײַנענ אונדז —
אייגנס, נאָר צעשיידט.
סע האט אינ פּעסטע בענדער
געוויקלט אונדז איינ מאַמע,
איינ קראַפט ביגדט אונדז
אלעמענ צוזאַמענ,—
איינ גרויסע פרייד.

יאָגט דעם צוג
דער שלאָגלער־מאַשינסט,
אַנ איבעריקנ שוויס־טראָפּנ פאַרגיסט,

אבער ניט קײנ איבעריקנ
קווערטל שמירעכצ פעטנ ;
פלעטערט ער
אונ בלעטערט
צו טויזנט קילאָמעטערס, —
קומענ פינקטלעכ מוז דער ציג,
יאָגט —
צו פעלקער אומבאַקאַנטע
אפ יאָנטעוו, אפ געוועטנ.
פליסט אונ גלעט אונדז
אומבאַקענטע פרישקײט
פונ ברעגלאָזנ פארטאָג.

קעמלענ-קאַראַוואַנענ
פאַרגײענ אינ בארכאנענ,
פונ די שטאָלצע שאַרבנס
קוקנ אויגנ טריב :
לענגויס מיט כיאַנ-שאַנענ
איבער מידבער שפאַנענ
רעלסנ צווײ :
טורקסיב.

# כאזאקנ־יינגלעכ

האָט ליכטיק
אנ עפנ געטאָנ זיכ
דער באַרג־פּאַס טשאָקפּאַר.—

... בּא די כאַזאַקנ־יִינגלעכ—
די ליסקעס דינ, דאַר.
די הויט איז אָנגעצויגנ גלאַט.—
זיי שלעפּנ אומגעלומפּערט
גרויסע טאַטשקעס שטיינער.—
שווער פארדינענ זיכ
דעם נאָמענ פּראָלעטאַר.

אופגעריסנ ברוינעם, פּעסטנ פעלדז,
טאָלנ — אײַנגעשיט.
א רוקנבּיינ ארײַנגעשמידט
אינ מידבּער־סטעפּ —
א רעלס בּא רעלס.
הערנ יִינגלעכ דאָס ערשטע מאָל אזוינע קלעפּ,
זעענ ווילדע דאָס ערשטע מאָל א נוצ פונ פעלדז: —
לויפט מענ פונ יורטע,
פונ קישלאַק
אפ ארבּעט בּאם שטאָלענעם וווּנדער אינ סטעפּ.

קלינגט עס ארום איבער גאַנץ טורקעסטאַן,
און אריבער דעם בערג־קייט טיאַנ־שאַן.

זײַנעג יינגלעך גיט געווינט:
די ארבעט טרײַבט,
קנעט דאָס לײַב.
מע איז פריִער געזעסן
אפ דעם אישאַק,
רויִק געקוקט, ווי זונ זי באַקט,
אליינ מיט זונ, אליינ מיט שאָף,
אפ מידבערס אומבאַזאָרגטנ שלאָף,
מיט אייגענעם נודנעם קאָל
צום טאַקט די קעמלענ, וואָס שלאַנק באַוועגנ זיך.
מיטאַמאָל,—
מיט אלץ געזעגנט זיך.

די טאַטשקע קרימט
פונ ברעט אראָפ.
רײַסט זי הענט,
דעם קאָפ,—
רײַסט אונטער דאָס געביינ.
ראַנגלט זיך לײַב מיט שטיינ
אינ פאַרביסענעם וועט.

אומגעלומפערט־שווער,—
כאָטש וויינ,—
גיט ניט דאָס רעדל
צוריק אפ דער ברעט.

ווּנש און ווילן ·
אין יינגלעכ גליט:
פ א ר ה א ר ט ע ווע ט  ו ו ע ר נ
פ ל י נ ק  א ו נ  ג ע נ י ט.
איינעמען מוז מען אין וויסטע די פעסטונג —
· דעם בערג־פּאַס טשאָקפּאַר;
וויזן, וואָס הייסט אין דער וויסטע פאַרמעסטונג,
ווער אין דער מידבער הייסט פּראָלעטאַר!

## איבער דער איליער בריק

אינ אילי האָבנ ארבעטער
געוואַרט אפ אונדז שוינ לאַנג:
יונגע — אינ רייענ,
אונ זעלטנ־ ווו
פונ שווערער מי
א צעאַקערטער פּאָנעם.

די יישעוולעכ זײַנענ דאָ ניַי,
אונ ניַי זײַנענ אויכ די פּאָנענ.

די מאַכנע מאָ־גאָלישע קינדער,
געטרײַ די האָלדזטיכלעכ פאַרבינדנ,
קומענ מיט געזאַנג.

ארבעטער טרעטנ ארויס
וועגנ טעמפּנ אונ שטורעם,
באַרײַסערס, קלאָגערס, שיקורים.—
וועגנ כעסרוינעס,
וואָס לאָזנ ניט קיינעם צורו.
כרײַבערס פאַרלאָזנ
די קעמלענ באַם ברונעם,
פאַרקנייטשנדיק פּענעמער ברוינע,
הערנ צו.

פאַרטרעטער פון ראַט, —
זײַנ וואָרט ער ווענדט צו די קינדער ;
כאַזאַקישער לאָשנ צעבינדנ
אפ פענעמלעכ פאלט אונ צעצינדט זיי :

פלינק, אינ בונטנ כאַלאַט
זײַנ דאַרער געשטאַלט
בייגט זיכ-אונ ווײַזט
ארום זיכ, אפ ערטער, —
שטעמפלענדיק זיי מיט הארטעוועוורטער.
שאַרפ מיט דער האנט
די לופט ער שפּאַלט :

— „דאָ,
קינדער,
פאַרגעדענקט :
דא ווײַנענ בלאָטעס געווענ.
אילייער גריבער.
דא האט מענ געקרענקט,
געפייגערט' פונ פעסט אונ פונ פיבער. —
באָלשעוויקעס — אײַערע עלטערנ —
האָבנ עס אַלצ אָפּגעשווענקט,
געלייגט דעם גרונט
פאר א לעבנ א שיינס, —
אונ ווײַטער צום בויענ נעמט איר עס איבער".

נאָכדעם פירט אונדז אלעמענ
דער אינזשעניער,

אָנקוקן דעם בריק —
דאָס גרויסע, נײַע ווערק.
ווי שווער, ווי שווער
איז אָנגעקומען דא דער שטיק:
כוץ דער מידבער־וויסט,
כוץ דעם טײַכס דער ווילדער שטראָם, —
האָט שטענדיק דאָ געפעלט
בריק־בוימאַטעריאַל,
פּראָדוקטן, קראַם, —
נאָר נים געפעלט האָבן ליידיקגייער
און שעדיקער.

טוט מען אונדז דעם קאָווער אָן:
אונדזער צוג זאָל זײַן דער ערשטער צוג,
וואָס באַנײַט די בריק
איבער ערשט געוועזענעם סאַקאָנע־גרוב
דורכפירן די ערשטע רויטע פאָן
פון אונדזער זיג.

גייט דורך צווישן אויסלענדער בעסאָד
א מורמל צווישן זיך:
„דעם לאָקאָמאָטיוו וועט נים אויסהאַלטן די בריק...“
זיי קריכן אײַנציקווײַז פון באַן אראָפּ,
בלײַבן אָפּ צוריק.

ווען מיר דערווייסן זיך,
איז קורץ אונדזער באַשלוס:
— זאָלן זיי זיך נאָכשלעפּן צופוס.

צו דעם לאָקאָמאָטיוו
מיר טשעפּען צו א צווייטן —
און ארופ און באַקלעפּן
ווו נאָר א טרעפּל, א שטאַנג. —
מיר פֿאָרן ארופ אפן בריק
מיטן דאָפּל-מאַסיוו, —
מיט געיאַנג.

מיר קוקן זיך אום אפ צוריק:
קוים וואָס זיי קײַען מיט פיס דעם זאַמד.
מיר שטעלן זיך אָפּ און וואַרטן לאַנג.

# טורקסיב

אינ איינא־בולאַק,
    אינעם טאָל פונ קרישטאָלענעם קוואַל,
דאָרט שליסט טורקעסטאַנ מיט סיביר היינט
    דעם שטאָלענעם בונד.
אפ בעקנס פונ בערג
    זיינענ בענק אונ טריבונעס צעשטעלט,
צום טאָג פונ ניצאָכנ
    אפ מידבער אונ סטעפּעס אונ בערג.

פארנעמענ שוינ וואָלקנס
    דעם הויפּט־זיצ אפ אייביקנ שניי,
אפ גרויסנ איליִער אלטאַי,
אפ פאָרבערג טיאַנ־שאַנס —
— צעשפּרייט ליגט מיט פעלדזנ־מעשופּעס
    א וועלט־פאַנאָראַם:
סע הענגענ די פּאַשע־טעראַסנ
    אינ בלייִקער פּראַכט.
פיל העכער פונ וואָלקנס פונ יעגע,
    וואָס טראָגנ דעם שניי,
אונ נידעריקער פיל פונעם ראַנד
    פונ דער אייביקער קעלט, —
פרוכטיקע פלעצער
    פונ זונ אונ פונ שטראָמענ גענערט.

און אונטן, דער באַרג־טײַך
מיט שטײנדעלעך ברייט איז געבעט:
מיט װײַסע קרישטאָלן,
באַשפּרענקלט מיט בלײַכלעכן גרינס.
און ברוינע געקעסטלט
מיט װײַסן און כונקעלן שטרײַפֿ.
גרינ־שוואַרצע, און קופּער־געפּיקטע,
און ראָסטיק און ראָסט.
שוואָמיק, שוואַרץ־רויכיק
און רויטע געווירעט מאַרענג.

דורך שווערע מעשופּע־גענג
שטראָמען די מענטשן אַרײַן:
אַפֿ באַרג־פֿערדלעך פֿלינקע
מיט זאָטלען מיט בונטע געצירט.
געבלומטע כאַלאַטן
און פֿעלצ־מאַ'אַכײַען אַפֿ קעפּ.
פֿון הויכע זיגזאַגן אַפֿ בערג
און פֿון קלעמען מע שפּאַרט,
פֿון יורטעס, קאָלווירטן, סאָווירטן,
צו פֿוס און צו פֿערד:
כאַזאַקן, טאַדושיקן
מיט געלע דונגאַנער געמישט,
צו צוויי אַפֿ אַן אײזל —
און זשוואַווינקע אײזלעך אָן ברעג;
צו צוויי אַפֿ אַ קעמל
און ס'לאָזן זיך קעמלען ניט אויס.
צי פֿרײַ, צי מיט פּעק,

צי מיט הויפנס געהילצ־סאַקסאַול;
צי גלײַך פון די היימען,
צי גלאַט פינ די וועגנ פאַרקערט, —
אינ מאַסנ, אינ מענגעס, מיט פאָנענ
א כאַיִל א גרויס,
פונ אלערליי זײַטנ —
צום קרײַז פונ טריבונעס מע שפּירט, —
צום יאָנסעוו פונ בויונג,
צום טאָג פונעם שטאָלענעם בונד.

אונ פרעסע־פאָרטרעטער פונ אויסלאַנד
אונ אונדזער פאַרבאַנד,
מיט פאָטאַפאַראַטנ, מיט פלינקייט,
מיט שטאָטישנ גלאַנצ, —
זיי וויזלענ ארום אינעם קאָכ, —
אונ אויכ זיי ווערנ שטיל,
ווענ שאַטאָוו באַם פרעזידיום־טיש
צו פאָלק ראַפּאָרטירט:

„פאַרקלאַפּט שוינ דעם לעצטנ קרוק
אינ גרויסער באַנ־מאַגיסטראַל,
„דאָס ווערק פונ פאַרמעסטונג פונ מאַסנ — טורקסיב־
איז פאַרענדיקט!“

די הויכע עדערס ברענגענ צו מענגעס
דאָס מעכטיקע קאָל,
אונ ס׳רײַסט זיכ פונ טויזנטער ב׳וסטנ
א ריזנ־„ה ראַ!“

א שאַל פון ניצאָכן,
פון מרידע און שלאַכטן א היכץ,
צו וועלטס קאנטינענטן—
א גרויזאַמער רוף.

# סטעפּעס אונ זאַמדנ

1

בריט צעלייגט איז קאזאַקסטאַנ
באַ די קייטנ־בערג טיאַנ־שאַנ.

שײַנט דער שניי פונ קייטנ מילד,
איבער גלי אונ מידבער־ווילד.

סטעפּעס שלאָפנ אינעם שלאָף,
שפּײַזנ נאָר די הערדעס שאָף.

פונ קיינ אקערס ניט צעקעמט,
מיט באָרכאַנענ־זאַמד באַברעמט.

פונ קײַנ אקערס ניט געוועקט,
אַלצ מיט וואַלצ־פליכעס באַדעקט.

שלאָפנ סטעפּעס ווילדנ שלאָף
אונטער גרויסע הערדעס שאָף.—

נאָר ס'איז לאַנד פונ הויכנ ווערט
פול מיט שטרעקעס פעטע ערד.

נאָר באַזאַקנ פרעמד איז מי,—
פּאַסענ נאָר אינ סטעפּ די פי,

אלצ פונ אָרט צו אָרט געשלעפט,—
דארפנ פאַשע נאָר פונ סטעפ.

אינ מאשינעס נאָר געווענדס,
זינ געטרײַע, שטארקע הענט,—

וועט פונ ווילדנ פוסטנ קאנט
זײַנ דאָס רײַכסטע, שענסטע לאנד.

איצטער,— קעמעלעכ א שערענג
מעסטנ וויסטעס ברייט און לענג.

ג׳לע האָרבעס שפאנענ לאנג,
לאנגזאמ־פויל א מידבער־גאנג.

אפ די האָרבעס האַק־און פאַק,
פאָרנט פירט זיי אנ אישאק.

ער איז קינדיש־קליינ פאר זיי,
נאר מיט אויערנ גרויסע צוויי,

און מיט דריבנע קליינע שפאַנ,
טראָגט אפ זיך א לאַנגנ מאַנ,

וואָס אינ זעקס כאלאכנ זיצט,
כאָטש סע ברענט און בראָט די היצ,

טראָגט א פעלצ־הוט, גלײַך סע פרירט,
מיט די פיס דעם זאמד באַרירט,

לאנגזאם אפ דעם אייזל רײַט,—
האבן ביירע שטענדיק צײַט.

רײַט דער מאַן און סכוירעס פירט,
מיט די פיס די זאמד באַרירט.

ס'האבן טעג בא זיי קײַן צאָל,—
מע ווערט אָנקומענ אמאָל.

2

נאָר פונ הינטער די בארכאנענ
ווינט ברומט, ניטס. —

ווענ א שטורעמ נעמענ שפאנענ
אונ א ריס די זאמד פונדאנענ —
איבעראנדערשנ די וויסט!

מיטאמאָל, —
וו א בארג איז,
ווערט א טאָל;
וו פארשיט איז —
ווערט אנטפלעקט;
וו ס'איז אָפנ —
ווערט פארדעקט,
אָפגעמעקט,
אויס!

3

אינעם לאנד אָט דאָ ניט לאנג
האט געהערשט די צאַרג־שלאנג.
מולא, צאַרג־שלאנג און ביַ,
פעסט געייניקט אלע דריַ.
גיב זיי פוטער, גיב זיי וואָל,
גיב זיי רינדער, צינזן — צאָל.

גיסטו ניט, — איז מיטן קנוט,
גיסט צוריק, — איז גיסט זיך בלוט.

שפּאָרט מען וואסער פון אריק, —
און דעם ווידערשטאנד דערשטיקט.
ווידער הערשן שלאנגען דריַ, —
מולא, צאַרג־שלאנג און ביַ.

אבער בלוט, ס'האט בלוט געקאָסט,
האַס און צאָרן און פארדראָס. —

ווידער שלאכט און נאָך א שלאכט
און צום פייַנט א סאָף געמאכט.

בראָך־צעבראָכן ליגט דער אָל,
פריַ איז מען צום ערשטן מאָל!

ווער געווען איז אָרעם-וויסט,—
ווערט געראָטן און באַגריסט.

פריי דער סטעפּ אָן ברעג, אָן מאָס,
איצט איז מי דער באַלעבאָס.

איצט איז ארבעטס הארטע האַנט
באַלעבאָס פון גאַנצן לאַנד.

מיטן וואַנדערן מיט שאָף,
מיט די יורטעס,—נעמט א סאָף.

פעסט באַזעסיק ווערן לייט
צו באַהערשן וויסטן ווייט,

צו באַדעקן סטעפּעס-גלי
מיט געביי און מיט געבלי.

וויסטער מיסטער, מיסטער וויסט,—
ס'קומט אפ דיר דער גרויסער ריז.

א יוגנט-לאַנד ווערט קאַזאַקסטאַן —
בויט איין וויסט אַן אייזנבאַן!

כאַזאַק, אוקראַינער, ייִד, טאַדזשיק,—
איינ פאַרמאָסטענער באָלשעוויק!

רוס, כינעז, אוזבעק, קירגיז —
איינ פאַרגלויבטער ארבעט-ריז!

סטאַנציעס שטעלט מען אינדערלענג,
וווּ געווען איז זאַמד און שלענג,

ווּ געווען איז סטעפּעס בלויז, —
שטעט און סטאַנציעס בויט מען אויס.

וואַרטן שטי־עקעס שוין פון לאַנג
אויפן שווערן טראַקטער־קלאַנג,
אויפן רים אין זייער טיף, —
וואַקסט אַרטעל און קאָלעקטיוו,
גייען געוועטן קרייז מיט קרייז, —
באַוול־פעלדער, פעלדער־רייז.

באַוול, באַוול נאָכאַנאַנד,
באַוול פאַר דעם אַלפאַרבאַנד!

## „דאַיאָש סיביר״ —

די קייט פון שניי-געקנייטשטע בערג,
וואָס ציט זיך רעכטס,
האט אויספאָרמירט א בעקן
פעטע, שיינ-געזייטע ערד.
די קייט פון שפּיצנבערג פון בלאַסע
לאָזט אראָפּ אהער
צעשטרעקטע
קרירע-קאַלטע ריטשקעס וואַסער.

בא קורקורעסו אינ שיינעם טאָל,—
וואַרעמע בערג אינ גרינס ווי טיכער,
אונ לעבנ זיי,—
די קייט פון בערג געקנייטשט אינ שניי,
געקרויזטער פעלדז אינ לאָקנ ליגט
אונ אינדערמיט:
אָ ס א, דער טײַך דער גיכער.

וואַנדערלײַט א נײַע גרופּע,—
צו דער ערד זיך צוגעגאָפּלט.
אויסגעטריקנטע כאַזאַקנ
איינס נאָך איינעם שטיבלעך באַקנ,—
גרינדנ דאָ דעם נײַעם פּונקט.

שײַן איז דאָ,
צו שײַנקײט צוגעפּאַסט די זון.
און אַז מע זעט דאָ עפּעס טאָן —
טוט אַ שנײַד זיך אײַן
אין סאַמע לײַב, אַ בוי:
„נאַר, אָט דאָ טאַקע פֿאַרבלײַב,
צולײגן דײַן אַקסל צו דער מי".

אָט גײט דער צוג אַרײַן
אין פֿעלדזן־קלעמער, —
דער זע־קרײַז הערט פֿאַרקלענערט,
נאַטור־און מענטשן־װערק
באַשמעקן נאָענט זיך מיט שװערן שנורך.

ריטשקעס,
װאָס אַנטלױפֿן פֿון די בערג,
לױפֿן ראַשיק דורך.
אָט אַ פֿערד, אַ קלאַנגלאָזער טופּע,
בערעזקעלעך אַ גרופּע,
אַ שטיק אָסאַ
מיט טיפֿן שניט
אַרײַנגעשניטן אין גראַניט.

מיטאַמאָל און שנעל,
דער צוג אַרײַן אין אַ טונעל —
אַ קאַלטער צוגלופֿט אַפֿן פּנים ציט.
און װידער גרינע ברײטקײַט,
און װײַט, די בערג אין װײַסן שלאָף,

אפ גרינס צעשפרייטע
פיטערן זיך מאַטן שאָפ.
די שאָפ נאָר הייבן ניט די קעפ,
פון גרינס פארבלענדט.

אָ.ער פאַסטעכער
כאַפּן גיך זיך אוף,
צו אונדזער צוג געווענדט:
צום ריז לאקאָמאָטיוו,
וואָס מיט שיינקײַט בלענדט,
וואָס דעם טורקסיב
האָבּן ארבעטער
אַולע־אַטער,—
אים געשענקט.
ער איז באַקלעפּט, באַצירט,
אפ זײַן שווערן שטערן
א רויטער לאָזונג הענגט:
„דאיאָש סיביר!"

## העכער די קראפט

"Еще рано ликвидировать
лошадь как класс„.

פאַרן מײַסטער פון פערד־זאַוואָד
אין אַולע־אַטע,
פאַר דער גערטנערג
פון ראַטווירס פון געפעו
מײַן וואָרט נעמט אָנטייל
אין דער לוסטיקער רעגאַטע,
פאַר זייער שאַפונג,
פאַר זייער רום.

ווי יונג דער מײַסטער רודעוועס
מיט זײַן באַיאָרסקײַט,
פרוכטיק איז זײַן טוען, וואָס ער טוט:
דערלערנט גרינטלעך
די אייגנשאַפט פון־בלוט
פון פערד פון אַלע ערד־טײלן
און סאָרטן.

געניט אין זייער אָפשטאַם און כאַראַקטערס,—
גיט ער גרויסע ווינונג
און האַלט זיי אַפ דיעט.
ווער סע האָט א נויגונג — ווערן פויל און פעט,—
שיקט ער אין קאַלווירט
אַלס בײַהילף בא די טראַקטערס.

ער ארבעט אַז זײַנ הויפּט־ווערק אומופהערלעכ:
מישט אונ פּאָרשט,
דערשלאָגט זיכ טאַקע אויכ:
היבט אופ דעם הינטערכיילעק פונ קירגיזער פערדלעכ,
די פיס ציט אויס,
אונ הייבט זיי אופ דעם בויכ.

אַכט פונט נאָר ווערט דאס האַרץ זיי,
פופצנ מוז עס ווערגנ;
ס׳וואַקסט די וואָג קוים פּאַמעלעכנ אונ שווער:
ריינבלוטיקער ענגלענדער העלפט,
אונ מי געשטרענגטע,
אופגאבעס שווערע שטייענ פאַרנ קירגיזער פערד.

אונ אָט פאַר נײַער ערד —
דעם נײַעם טיפּ זיי ברענגענ:
דער קאָפּ איז קליינ,
אויסדריקלעכ דאס אויג,
א פריילעכ אויער צו יעדער שאָרכ גענויגט,
א שטאָלטנער קרופּ —
אָט דאָס הייסט פערדישע שיינקײַט.

די טורקמענער שקאַפּע איז דאַר:
גיט אַלצ אוועק איר געבירטנ.
ריינבלוטיקער ענגלענדער
האָט טרוקענע פיס.
אָט זײַנענ די קינדער:
אויסדריקלעכ פריילעכ, פּרעציז,
זיי גייענ אוועק אַלס „טוערס"
אינ קאָלווירטנ.

אזוי אינ קרײַז פונ הײסע זונענ
װערט געפירט
צו װאָג, צו פעסטיקײַט, צו גרױסער קראַפט.

דער מײַסטער װײַזט די פערד־װערק,
װאָס ער שאַפט,
ער פירט אמ רײַכנ פוטער־גראָז
צו די טאַבונעס.

# אלט־בוכארא

ווו נעמט זיך צו דער זונ
אזויפיל דאָמנעס היץ? —
ווי האַמערנ פנעװמאַטישע טויבט זי,
ווענט־שטיינ ברעקלט זי און קריצט,
און אונטער פיס די שטיינער שטויבט זי.

קיינעם שוינט דער קאַלכויווג־שטויב,
ער בריט די הויט
און פּײַניקט אינדזער שלונג.
דער טרונק פונ קילער קיילע
זידט אופ אפ אונדזער הייסער צונג.

ס׳טוט אונדז א פּאַק,
באַם האַלדז־און נאַקנ,
אינ דער ארבעט שנעל:
גאַרבט, גארבט, גארבט,
וויל אויסגאַרבנ פונ אונדז א פעל —
טרוקנ,
ס׳זאָל קנאַקנ.

וואָס קענ שוינ לעשנ דאָ
דער שטאָט־באגיסער

מיט זײַן לעדערלאָגל אפֿן פּאַס?
שטאָלטנע־ביינעווד ק,
מיט לאָגל־פּיסל,
באַגיסט ער שפּאָרעוודיק די גאַס.

אין שטופּעניש פֿון די גערעקטע מערקלעך
מיר זוכן שוץ.—
נאָר דאָ איז איבלדיק און ערגער:
לעכ:ר־קלייטלעך באַקאַליקעס,
שטעלעכלעך מיט טיבעטייקעס,
שמאַטעס, טשאַיכאַנאַס און שמוץ.

נאָר אלטוואַרג זעט מען דאָ,
צעלעכצטע
(טרוקן־ביינ באקומען וועט דער טויט).—
די גאַנצע יונגוואַרג,
זיי און טעכטער,—
בא די באַוול־פעלדער
די געדיכטע,
באַ דער איריגאַציע, וואס מע בויט.

וואַסער ריינס וועט זײַן,
וואַסער פיל דער איקער.
זיינ לעכצנדיקן גאָרגל
דער קאַנט וועט טאָג א שוועג.
וואַסער קילס און פרישס גרייטן באָלשעוויקעס,
לינדערן די היץ,
און שאַפֿן אָפּ די קרענק.

שוין איצט פאַרשיט מען כאַוון —
מאַלאַרי־באַסיינען.
א וואַסערדרוק־טורעם
געזונטע וואַסער יאָגט.
א בודקע א ווײַסע
מיט וואַסער זויבער־ריינע
שוין איצט יעדער פּלאַץ,
יעדער שטאָט־טייל פאַרמאָגט.

באַם מינאַרעט פון טויט,
אויכעט אזא ווײַסע.
וויי, — אין כורווע־מיסט
דער וועג צום הויז פון גאָט.
און ארום בודקע — סטעזשקעס, —
גליקלעכע באַווײַזן:
ווער איבער וועמען
די אויבערהאַנט דאָ האָט...

# א הייליקנס טפּילע

— אַלאַ, איל, אַלאַ! —
קלינגט אין פאַרטאָג
א טפּילעדיק קאָל.
די זון איז נאָך ווײַט
פון בוכאַראַ,
טפּילעדיק שרײַט
אַן אַלטער דערוויש —
אַ האַלבער מעס,
באָם שוועל
פון כאָרעווס מעדרעס:
— אַלאַ, איל, אַלאַ!

„מיט טעמפּלען געשטעמפּלט
„די שטאָט האט אלא,
„כאָרעוו איז כאָרעוו
„אַלאַס בוכאַראַ!

„אין גרויסן מעדרעס: —
„דעם רוכס טשאַיכאַנאַ,
„דעם רוכס פאָרטרעטן.
„אַם הייליקע כורווס,
„אַלאַס מעטשעטן,

„האָבנ די רוכעס
„געשטעלט א קאַלאַנטשא!

קלינגט בעקאָל-ואָם: *
— „אַלאַ, איל, אַלאַ!" —
„אינ פעסטונג עמירס —
„דער אויספירקאָם.
„אונ פרויענ ברעכנ
„די הייליקע קנעכטשאַפט,
„ווערנ ווידערשפעניק,
„ווערנ גלייַכ צו מענער. —
„אַלאַ, איל, אַלאַ! —
„זיי שטיצנ אראָפ
„די פאַראַנדזשאַ.

„אינ הייליקנ סאַמאַרקאַנד
„איז קאָנדוקטער אינ טראַמוויַ
„אַנ אָפּגעדעקטע פרוי.
„זי גיט מענער בילעטנ
„מיט דער הוילער האַנט.

„דאָס זינדיקע פאָלק
„בויט זינדיק געבײַ.
„די פעלדער-באַוואַסערונג —
„גערויבט באַ דעם בײַ.
„אפ פעלדער זייענ זיי
„דער רוכ ווייסט וואָס:

* מיט א הויכער שטים

„באוול אונ באַוול,
„דאָס זינדיקע גראָז.

„אַלאַ, איל, אַלאַ! —
„מיט זינדיקנ פאָלק
„פירט אָנ אַ פרוי,
„אַבי־דאָוואַ.

„קעגנ דיר, אלא,
„אונ קעגנ דײַנ מולא.
„שטראָפ זי, שטראָפ,
„זי זיצט אינ שלאָס דעם עמירס,
„אָנ א פאראנדזשא,
„אפנ ערשטנ שטול."

רײַסט זיכ דער אלטער דערוויש
באַ שוועלנ פונ כאָרעווע מעדרעסנ,
אונ פאלט כאַלאָשעס אפ זײַנ שטאָק: —
„די הייליקע בושלעס,
וואָס האַלטנ נאָכ אײַנ זייערע נעסטנ
אפ רעשטלעכ פונ מישקנס, מעטשעטנ —
קנאַקנ מיט שנאָבלענ,
ווי מיט טשערעטנ:
„טשראָק־טשראָק".

# צוריקוועגס דורך אוזבעקיסטאַן

קונציק־געפלאָכטענע
ליימענע וואַלקעס.
שטיבלעך אָן דעכער,
ווי לאָזשעס ביז העלפט.
שטרעקעס און שטרעקעס
קימאַט ניט באַפעלקערט,
פרוכטבאַרע ערדן,
נאָר וואַסערס זיי פעלט.

דערציילט דער קאָלווירטניק
אין קיטל אין ווײַסן.
אין גרויסע קאַלאָשן
דערציילט דער כאַזאַק:

אַרום־און אַרום דאָ
קאָלווירטישע יורטעס,
קאָלווירטישע שעפסן
אין יעדער קישלאַק.
געווייס איז פאַראַן נאָך,
וועסט טרעפן א פויער,
וואָס גראַבלט דעם גליוווער
מיט טעמפּן אָמאַטש.



6. ל. קוויטקאָ. 1907 -

געקוועג איז מיט בייַען דאָ
גרויסע געשלעגן,
ווילדע האָריגעס,
מיט ביַי און באַסמאַטש:

„ווער אין קאָלווירט גייט,
וועט ווערן געשטעמפּלט,
„קאָלכאָז" אפּגעשטערן
וועט ברענען א ווונד.
און אונטער די פּאַכוועס
שלענג זיך באַוויַיזן" —
אזוי האָט געפּרעפּלט
מולאָ, דער הונט.

דער ביַי וויל באַטראַקעס,
וויל הילצערנע אַקערס,
וויל, אז א וויסטקייַט
אָל זיַין אין קישלאַק.

זאָג מיר ווילן אונדזערס:
בליַענדיקס, טראַקטערס,
סטעפּ קאָלעקטיווער, —
רויטער כאַזאַק!

# אָנגרײַפ

1

דער לערער כאַביב - אַבדול
באַשטײט אפ זײַנס:
— קומט א קוק טאָג אפ מײַנ שול,
קומט צום נײַ געבײַ.

איכ אָבער צי אראָפ —
צום רוישיקנ טאָל.
דאָרטנ ראשט פונ שטאָט
א טויזנטדיק קאָל.
איז ניט צופרידנ כאַביב,
שװײַגט באטריבט,
ער װײסט ניט געװוי,
צי זאָל ער מיר טאָג צוליב, —
מיכ פירנ צוערשט
צום ראַװאַט - בוי.

2

מײַ אינ סאַמאַרקאַנד,
רעגנט פיל געפאַלנ גיכ אונ אומגעריכט :
די ערד איז פול גענערט.
בעז האָט בליִענ אופגעהערט,—
בליִענ איצטער די אַקאַציִענ געדיכט.

ציִענ אינעם פרישנ פרי צום מאַרק
קעמלענ, אישאַקלעכ, באַלאָדנ
פונ עק ביזנ קאַרק
מיט סאַקסאַול, מיט לאָגלענ,
מיט גרינס, מיט קאָשטעס א באַרג :
אפ צעדרייטע ווענג,— וואָגלענ,—
שטיקערווײַז פירנ צונויפ דעמ מאַרק.

מיט פרישנ אויסזענ
טײלנ זיכ אויס : —
גרינגהאַרג - סאַלאַטנ,
געדריידלט, געקרויזט,
אונ זילבערנע ציבעלעס,
מיט קעפ ווי די בעכער.

רעטעך מיט קיל־גרינע טשובנ,
און יעדער שטוב איז
אָפּגעשיט נאָכאַנאַנד —
מיט מאָנ, וואָס וואַקסט אפ די דעכער
פון גאַנצ סאַמאַרקאַנד.

מיר קריכנ אינ קלעם, —
אינ אווטאָבוס,
ס'איז ענג און אומבאַקוועם.
און פלאָנטער־כאַלאַטנ
פלאָנטערנ אונטערנ פוס.

און פרויענ־געשטאַלטנ
פון אוילעמהאַטוי,
פונ קאָפּ ביז די פּיאַטעס
אינ קיטלענ־גרוי,
דאָס פּאָנעם פאַרשטעלט
מיט שוואַרצנ שלאַר,
און גלאַנציק־געדיכטע
פערדישע האָר.
ווי קלעפּט זיך עס מיט ראַוואַט־בוי ? !

3

סע שטעקן ארויס
פון הויכן שטויב
און שטויביקן גרינס
פיל הייליקע גוילעמס:
טעמפלען-בייסוילעמס,
מיט שיטיק געזימס.

גייט א ריי נאָך א ריי
א גוזמע מיט טרעפ.
און זאָגערס,
און קלאָגערס,
און הייליקע צעפ,
און בייַכיקער בעטלערשער בייַ.
סע טראָגן נאָך טעמפלען
שפורן פון גלאַנציק
קאָלירט פאָרצעלייַ.

די טעמפלען ארום,
די טעמפלען פארבייַ, —
דער מאַרק זיך באַוועגט,
ווי זיי איז ער אלט,

מיט זיי איין געשטאלט:
א בונטער לישײַ —
דער מאַרק זיך צעלייגט.
א יאַם טיבעטייקעס
פינקלט און בלענדט,
ווי בונטע געמעלן
אפּ שטעלן און ווענט.

געשטאַלטן פאַרדעקטע
וואַרפן א שרעק:
די פינגער אין ארבל
זיי האַלטן געשטרעקט,—
ווי א פאַרבאָטענעם
זינדיקן פלעק —
האַלט מען די שטיק
טיבעטייקע-קראָם.
פון יונגשן פאַרדעקטע
אויסגעניים רעדט
יעדע באַזונדערע
היטעלע-בלום.

און אָט איז אַ הייליק געשעפט:
א שטעל מיט שיך.
איך שטיי געפּלעפּט:
שיך... הייליק... פון ווען דען?..

דער קרעמער זעט,
איך דערנעוונטער זיך,—

מאכט מיט דער האנט

א גרעגעץ אפגיך, —

איך זאָל זײַן שטעל ניט שענדן:

ער טאָר ניט דערלויבן מיר,

די קראָם איז פאר גלויביקע...

הײליקע שיך...

4

שווער איז די אַרבעט
פון איינצלנעם מענטש,
גראָשיק איר ווערט,
מיט אוראַלט זי שמעקט:

ליימקנייטערס קנעטן
מיט פיס און מיט הענט
מעכטיקע טעפּ,—
צום באַקן טשורעק.
אליין איז מען שלעכט דערגנערט.

... די אַרבעט פון ויצנדע שמידן
בויגט אויך צו דר׳ערד.
באַלד נאָכן שוויצן בא אַרבעט אַזאַ,
זעצט מען זיך שוויצן אין טשאַיכאַנאַ.

און אָט איז א רעשט
פון קנעכטישער מי.
קאַטאָרזשנע מי,
און נוץ אַפּ א טרער:

סע רייניקט אַן איינצלנער וואָל
מיט אַן אורהאַלט געווער.

דער רייניקער האַלט
אין אַ האַנט אַ סמיק,
צוגעליינט נאָוונט
צום אומריינעם וואָל;
מיט צווייטער האַנט
די סטרונע ער פליקט
פאַראַקשנט און היים:
טאַנצט די וואָל
צום סמיק און צוריק.
ער פליקט, ער שנאַלט,
באַוואַשט זיך מיט שווייט
פון קאַסאָרזשנעם אָל.—
אזוי ווערט געריי‌ניקט
אַ קופּקעלע וואָל.

5

סע פעלט ניט דעם מאַרק
איכ א דערװיש.
ער טײלט זיכ ארויס
פונעם מאַרק־געמיש: —
מיט אָפענעם לײַב
און שװארצער שײנקײַט.
זײַנ דולע שטרענגקײַט,
זײנ הוילעכ,— שרעקט און טרײַבט:
אוירינגענ טראָגט ער
פונ פערדישע פענט.
טשוהונ ארומ לענדנ,
אפ פיס, אמ הענט.—
שפליטערס פונ װאַל,
געבויגענער פרענט —
אמ שײנ־שװאַרצנ בויכ.
איכ דער קאָפ, דער שטערנ אויכ,—
אײנגאנצנ געצירט אינ בראָכ פונ מעטאַל.

מיכ נעמט מײַנ פרײַנט כאַביב
באמ האנט:

— קוק.
איך זע א דרײַלינג
אינמיטן בּרוק,
איינס נאָך איינס
געשמײַדיק שפּאַנט.

פאָרנט שפּאַנט א שלאַנקער מאַן,
ווי ער וואָלט דעם וועג געמאַכט,
די אויגן קוקן פּעטלעך —
הינטער אים א דרײַ־פיר שפּאַן
גייט א צוגעדעקט געשטאַלט
אין צירלעכע שטיוועלעך.
פון כאַלאַט א רײַכקײַט שטראַלט.

און הינטער איר דעם וועג פאַרמאַכט,
האַלט א צווייט געשטאַלט די וואַך.
שפּאַנען שווערע טריטן
אין אָרעמע שטיוולען,
פונעם צוגעדעקט געשטאַלט,
פון כאַלאַט — א וויסטקײַט פאַלט.

צוגעשפּאַנט צו דעם ראַבּקאָאָפּ, —
געזעגנט זיך דער ערשטער אָפּ,
די צירלעכע שטיוועלעך
לויפן פלינק די טרעפּ ארויף,
די שטיוולען אַלטע,
טרוקענע ווי ברעטלעך,
הייבּן קוים ארויף דעם גוף...

קום איך אויך אריַין:
די פאַראנדזשאַ פארוקט, —
א יונג געזיכט דערשײַנט,
די קליים באקוקט.
דאָס צווייט געשטאַלט,
פארדעקט, די וואַך זי האלט...

6

די גלײַקע זונ
מיט גלי-שטויב מיך שטאָפּט,
מיד פונ דעם אלצ,—
װוּ רוט מענ זיכ אָפּ?
פירט מיכ כאביב
דורכ קרומע גענג,
לײמענע פעסטונגענ,
װי שלענג,
היטנ דאס הויזעכצ-געמויזעכצ
פונ יעדער אוזבעק.
אנ אײזל שטעלט זיכ אװעק,
די אויערנ צעשפּרייט,
אפ גאנצער דורכגאנג-ברייט.—
ניט טרײַב,
ניט שטורכ,—
אנ אויער דעם אײזל פארבײג —
װעסטו אדורכ...

אָט איז די שול.
אינ הויפ-קװאַדראַט איז קיל.

—

פון פענצטער, וואָס דינט ווי א טיר, —
אין קילס געהילט,
גייט קנאפּע שײַן.
— פאַרוואָס זשע איז שטיל?
— שוין אורלויב אין שול.

מיר קומען אַרײַן —
א גרופּע פרויען אפ בענק,
אָפענע ביכלעך פאַר זיי,
אנקעגן — אין רויטן האַלדזטוך,
א יאַטל שטייט
און פּיקט זיי מיט כאָכמע די צונג. —
פון אמעראַצעס א ליקפּונקט.

מיזרעך, מאַנדל, שיראשירים...
די אויגן... די האָר...
אפ מיזרעך גייט אוף א נײַער דאָר!
א נײַע צירונג:
דאָס יאַטל שטייט פאַר זיי
און רעדט,
מיט קרײַדל איבער דער ברעט:
„אין 4 — דעם 5 יאָר".

7

פון דרויסן דערלאַנגט
א „טו־טו“ דער אויטאָ:
ענדלעך, צום ראַוואַס־בוי,
און מיר טוט באַנק,— כ׳וואָלט נאָך אַזוי
געבליבן אַ ווײַלינקע דאָ.

פול דער אויטאָ,
און צווישן — אַ פּרוי:
אָדלערשער שטאָלץ
אין אוזבעקיש געזיכט.
און מאַטעווע ליכט
און מוט פון איר שטראָמט.
קלינגט דרײַסט און וואָג
פון איר ברוסטיקן קאָל —
סעקרעטאַר פון אויספּירקאָם.

גיך פון דער שטאָט
הינטער שטאָט אַרויס,
אין פּאָנעם אונדז שטויסט
היציקער שטויב.

כורוועס פֿאַרבײַ,
פּוסטקייט און שאָט.
ביז צום פֿאַרנעם
פֿון ראוואס־בוי.

איבער ערשטן קאַנאַל
פֿון גרויסער סיסטעם —
אַן אַרקע געשטעלט,
איבער איר א פלאַקאַט:
ד ע ר פ י נ פ י אָ ר א י ן ט אַ ט !

מיר פֿאָרן אַרײַן,
א שיינקייט דערשײַנט:
א וווּנדער־געפֿלעכט
פֿון אײַזן, צעמענט,
פֿון שליוזן און גענג,
מיט ברעגישע ווענט.

„מיר זאַמלען אהער
פֿון אַרומיקער ערד
רעגנס און שניי;
באַרג־טײַכן אַלע
פֿאַרקערן אהער,
פֿאַרעכנט אַף נוץ
יעדער וואַסערל טרער.

„קאַלווירטן,
און בוימוואָל,
און רײַז, די שטאָט, —
באַקומען גענוג
אַף גוטן געראָט.

„דער שעטעכ פון אָנגריַיפ
וועוים ערשט צעשפרייט:
קנעכטישע מי —
אוועקגעשוועגקט.
ווו פוסטקיַיט — באבויט,
באזאָרגט און פארזייט.
אינ אָנגריַיפ פארמאָסטנ
דאס ארבעט-פאָלק גייט.“

אפ וויגנדנ בריק
פונ לייַוונט און שטריק,
הוידענ מיר דורכ
צום שליוזנ-צענטראל, —
דאָ ערשט צעשטראַלט,
דאָ ליגט ערשט א וועלט!
דאָס ווערק פונ געוועט!
מיַינ בלוט אינ מיר קוועלט,
א קויעכ מיכ וויגט.
און פרייד צו דעם שלונג
טרעט צו און שטיקט.
לאָשנ מיר פעלט,
מיַינ צונג איז צו לויז,
דאָס גוטס, וואס איכ זע, —
מיַינ וואָרט דריקט ניט אויס!

## איינער א האַרבסט

1

איינער א האַרבסט האָט געוואַרט אָפּ מיר
און מיך אוועקגעפירט פון מײַנע שטעט.

מײַן יִינגלשן קריג ניט פאַרענדיקט,
ניט שלאָפן באַלייגט מײַנע טריבן,
דאָס וואָרט ניט געזאָגט מײַנע מיידלעך,
ס'געפײַערט, געכאָוועטע וואָרט.

איינער א הארבסט האט געוואַרט אָפּ מיר
און מיך אוועקגעפירט פון מײַנע שטעט.
ס'אַ ווייטיק אויסצוברעגגען מײַנע טעג
אינדערפרעמד! —

כ'שעם זיך גאָר
מיט פיירעס צײַטיקע, מײַן יוגנט. —
כ'שיט זיי אויס,
ווי שאָלעכץ נישטיקן
אָפּ פרעמדן פלאַץ.

קומט מיר טאַקע פאַר די אויגן
ס'יונגע קאַלב אָפּ פרעמדן, פײַנטלעכן יאַריד.

בײַמשן קװיטשיקע און בײנער-פינגער
איבער קאַלב —
איבער נאַקעט, װאַרעם קאַלב.

שפּיל איך זיך אין צימער,
אינדערפֿרעמד.
אָט מאַך איך מיר די װעלט,
װאָס אקאָרשט כ'האָב פֿאַרלאָזט:
אָט א הימל קלײנינקער,
האַלב-אָנגעמערקט לעװאָנעכל,
אײן בײמעלע, אײן בײמעלע
א גרינס.
שלאָגט זיך אָן מײַן האַרץ אָפּ דעם,
הענגט זיך אָן
און רוט אָפּ דעם...

2

נאָך דער הימלשער אגאָלע
ווייס איך, ווו עס שטייט מײַן היים —
פונקט אנטקעגן די רעדער הינטערשטע
שטייט מײַן שטיבל אף דער וועלט.
באַם הינטערשטן פענצטערל
ציט זיך דאָס טײַכל,
באַם פאָדערשטן ווענטל —
די קייט פונעם הונט.
אינ אונטערשטן פענצטערל
פינקלט דער זון־באַרג,
אינ קליינינקן קיכל
ציקאָריע זיך קאָכט.

3

פלעגן וואַנדער־פאַרטאָגן
מיר קומען צו כאָלעם
און מורמלען:
„וועסט אונטערוואַקסן,
„זיך אָנטרינקען ציקאָריע —
„וועסטו אוועקגיין מיט אונדז.
„ווו מירן זיך שטעלן —
„וועסטו אויך.
„ווו מירן זיך פרייען —
„וועסטו אויך.
„ווו מירן גייען —
וועסטו אויך".

איצט קען איך די פֿאַרטאָגנג
ניט דעריאָגנ —
מיך שלעפּט אראָפּ די פּרעמד!
און ווען איך טרעף זיי אָנ אמאָל —
טרינקט זיי אויס די פּרעמד.
די פּרעמד ביז בלוט, קאַלטבלוטיקע,
ווי גומי, סעמפּ איר לופּט!

1922 י.

# באַקאַנטשאַפט

סע טראָגט מיך אום דער שוואַרבער יאָר!

איך בין בא פרעמדע גרענעצן.
אין פוילישן, אין וויסטן קאָרידאָר
ועס מען ניט אין טונקלקייט די פענעמער.

א האַנט זוכט אָפּ אין טונקלקייט
מײַן האַנט און פּעסט ,זי דריקט.
אומגעריכטע, ווײַסלעכע פון בליק,
אומבאַקאַנטע ציין צעפינקלען זיך.

מיר האָבן נעכטן שוין באַגעגנט זיך
אין קעניגסבערג אין פוילישן קאָנסולאַט.
געשטאָכן האָט אונדז ביידע דאָרט א פּרעגעניש:
ווער איז מען און וואס איז מען און וואס גלאַט.

א נעגער איז ער, און זײַן צונג די געגערשע
זי לייגט זיך שווער אף ווײַסנס שפּראַך,—
וואס הייסט עס, ווער מע איז?

וואס אידעס טאר א פרעגעניש? —
מע פאָרט, מע זוכט אַנ ארבעט אונ א דאַכ.

אונ ווידער איצט באגעגנט זיכ,
סע טומ א צי, א נאָג, ווי צו א פרײַנט.
זײַנ פּאָנעמ שײַנט אונ באַמ געזעגענענ
ער פרעגט, צי האָב איכ א געלעגער שוינ
אינ פרעמדער שטאָט אפ הײַנט.

בערלינ. מיר בײַטנ מיט די נעמענ זיכ.
סע קניפּט א קנופּ די פרײַנטשאַפט שטילערהייט.
די פרעמד הייבט אופ אפ אונדז די בייזע ברעמענער,
אונ דער טראַמוויַ צעשיידט...

1922 י.

## האַמבורג, אָקטיאָבער 1923

ס'וועט פאַלן אַפ אַ גאַס מײַן קאָפּ,
ס'וועט מײַן פרײלעך בלוט
ניט טאָן קײַן אײנ געשרײ: —
אַפ באַרנבעקער באַריקאַדן
שלאָגט זיך אונדזער בלוט מיט פּאָליציי!

איך פיל, איך פיל פון מויל,
פון שטערן מײַנעם,
ווי ליבע שטראַלט צו מענטש. —
כאַווײרים!
פאַר וועלט, פאַר אַרבעטער,
ברעכט דעם פײַנט דעם פאַרענטש!

אָך, ווי הויך דערהויבן
אונדזערע ווײַב און קינדער!
העכער פון וואַסער און ברויט,
פון סאַקאָנע און ווינטן —
קוקן זײ ליכטיק אַראָפּ:
מיר פלאַנטען געשלעגן.
וווהין ס'פאַלט זײער ליכט —
ווערן דעם סוינע געשניטן די וועגן!

## דער ארבעטלאָזער און זײַן מאַמע

1

קלינגט אין בלוט דאס לויטער געטראַנק,
די לופּט פון פרילינג נײַעם.
צום דרײַסיקסטן מאָל שוין באַנײַט זיך
די ערד פאַר מיר אין גרין בעזאַנג.

דעם קאַמפּ פאַרשפּילט,
צום נאָענטסטן זיך גרייטן;
„ס. ד." * רײַסט אונטער יעדן שטרײַק.
כ׳וואָלט אין דאָרף געגאַנגען דערווײַל דאָרט ע... לייטן,
האָב איך שוין אופגעגעסן מײַן געצײַג.

פאַר איך זוכן.
ס׳איז גוט צו פאָרן.
דעם אויג איז גוט צו שלינגען ...,
מענטשן,
מערק.
אַט עפּשער טרעף איך אין וואַגאָן
א פרוי אין יונגע יאָרן,
וואס זאָל מײַן לעבן טראָגן איבער בערג.

טרעף איך אין וואַגאָן אין איינעם
מײַן מאַמע אין צעפליקטן מאַנטל זיצט.

---

* סאָציאַל - דעמאָקראַטן.

דרימלט,
דרימלט,
בייגט דאס פאָנעם אירס דאס געלע,
און זון איין גרויסן אויער אירן פּאַרעס,
היצט.

רײַסט דאָס האַרץ מיר יעדער זיפץ דער מאַמעס,
אַף ברוסט איר באַמבלט זיך דאָס שילדל:
„טויב".
אלט, דערשלאָגן, דרימלט זי אַף פרעמדער פּלייצע,
אַ נויג, אַ הויב.

— מאַמע מײַנע, ווײ ז'מיר,
וואָס זאָל איך טאָן, וואָס זאָל איך טאָן?
— גאָרניט, קינד מײַנס, גאָרניט, קינד מײַנס,
גיי דײַן וועג דיר, גיי, מײַן זון...

2

גיי איך אזוי אין דער גרויסער שטאָט,
גיי איך פאַרבײַ א בעקערײַ,
זע איך: מײַן מאַמע שטייט זיך דאָרט
און קײַט א וואָל נאַשערײַ.

פון ערגעץ שלעפּט זי זיך קיין ערגעץ,
פאַרשוויצט, פאַרטריבט.
געפּוצטע קינדער קומען, געפּוצטע קינדער גייען.
און מאָרגן רײַכט לאַכן דורך דער שויב.

איז מיר אַ בושע,
איז מיר א ווייטיק: —
הײַמלאָז די מאַמע און גרוי איז ווי לײַם,
אוי, אזאַ בושע,
אוי, אַזא ווייטיק, —
זי האט ניט קיין היים
און זי וויל ניט קײַן היים...

3

אינגהייטן שטאָט שפּילט א באַטייג,
רויטע שיפּלעך און שיפּאַנען מיט פאַרלייגטע קעפּ.
ס'איז וואַסער, ווי זון,
און זון, ווי וואַסער, ריין,
טיפע לויטערקייט, אָן וואָלקנס,
אָן טרעפּ.

איך און מיין מאַמע שעפּן לופט,
מאַכן די אויגן צו, ווי די שוואַנען.
לויטערקייט וויגט אונדז איין אין רו:
א טויב מיט א טייבל אפּ שפּיי'ן פון טאַנען.

א שאָרך אין לופט,
א שרומפּ אין וואַסער,
די מאַמע זאגט:
„אוי וויי, סע שטינקט!" —
צוויי בורזשויען גייען,
צוויי גראָבע בייכער,
אויך איין בורזשוי געגוג . שטינקט.

4

גייען מיר הינטערן שטאָט,
אין מיסטיקן גראָז.
אָרעמעלײַט זוכן דאָרט שמאַטעס און גי.אָז,
און ארבעטלאָזע ליגן צום וועג מיט די רוקנס.
ראַשיקע צוגן מיט סאָכרים יאָגן פאַרבײַ,
די פענעמער פעט,
די וואגאָנעס נײַ.
אָרעמעלײַט הערן אוף זוכן און קוקן,
און אַרבעטלאָזע כאַוועו דעם האַס,
כאָוועו דעם האַס
און ליגן צו זייי מיטן רוקן...

# אין פרעמדער שטאָט

א פרעמדע שטאָט.
בין דאָ ניט פרעמד,
כאָטש בין דאָ נאָר א האלבע שאָ.
טראָגט מען אין די הויזן דאָ דאָס העמד,
ניט ווי בא אונדז, — איז וואָס ?

כ'בין א שאָליעך פון שטערנס און פאָנען.
מע האט מיך געשיקט — בין איך א היגער.
קוקן ארבעטער מיר גלייך אין פאָנעם —
ברידער.

דער סוינע ליאַרעמט דאָ,
סוינע „האָכ״ם,
סוינע קלויבט הייַנט אויס א נייַעם פּרעזידענט —

... די לענדער, ווי די קעסלען, וועלן מיר אין סאַמע קאָך
א נעם טאָן אָפּ די אויסגעפּרוּוטע הענט.

איך מוז זייַן שטיל, שטיל געהיים, —
מע לאָקערט דאָ נאָך מייַן געביין.
נאָר מייַן שאָטן איז מייַן כיטרער נאַר:
ער טראָגט א האַרטן הוט.

צילינדעראַרטיק,
און טופּליעס — לאַק,
און זאָקן צאַרטע,
און היט דערמיט מיך אויס פון א געפאַר.

... פּײַקלעך טראַמבלען,
טראַמבלען
טריט אין טאַקט,
טריט אין טאַקט. —
קינדער מיט א רויטן פלאַג ?!
אַז די העלדזולעך טיכלעך באַמבלען ?!

זײַנען דאס דאָך מײַנע, מײַן, —
נעמט זשע, קינדער, מיך אַרײַן.
קינדער, קינדער, נעמט מיך מיט!
זאָגט מײַן שאָטן:
„באָכער, צסיט!
„קוק און שווײַג.
„פונווײַטנס — שטיין,
„דעק מיט ליפּן צו די ציין!..."

1925 י.

# בערלינער בערזע

כ'הער אײַך דאָ און קוק אײך אָן,
ווי בײַכער בערזעװעס א קאָן,
ווי צאָלן געדזוקענע זיך און רײַבן, —
כ'מוז א בריוועלע מײַן מאַמען שרײַבן.

— מאַמע מײַן,
אוי, מאַמע מײַן,
וואס האָסטו אונדז געבוירן,
אונדזער בליק געגעבן שײַן,
און געזויגט אונדז און געשוירן?

וואָס האסטו אונדז פון קליינערהייט,
פון קליינערהייט די נעגל ניט געשטאָלט,
געטעסעט;
דעם האָט אינ גיפט ניט אויסגעוויקט,
און ניט געלערנט מיטן פרעסל פרעסן!? —
אף די דיקע, דיקע פאַלדן
מיטן הייסן פרעסל דורכצוגיין.
מאַמע מײַן,
אוי, מאַמע מײַן,
און ווו מע מוז און ווו מע דאַרף —
דאַרט מיטן פרעסל בלײַבן שטיין?!

## די סאָוועטישע שיפּ אין האַמבורגער פּאָרט

מיר ווײַנען אין האַפן פאַרטאָג אָפן ברעג.
מע יעט אים, דעם הונגער, אָפּ אונדזערע וויעס.
צוגלופטן ציען פון ביינער דאָס כּיעס
און לעשן דעם שווייס און די הויטן צעדרעשן,
נאָר צוגלופטן קענען דעם הונגער ניט לעשן.

פּלוצים, באַ שופנס, פון עק צו אַן עק,
טרעטן די אַרבעטער אָפּ פון די פּעק,
שטרעקן די העלדזער צום וואַסער געווענדעט,
זשמורען די אויגן, ווי עפּעס וואָלט בלענדן.

שמאָל איז דער וואַסער־וועג, טונקל און טריפיק.
סע שטייען אין ריי אָקעאַנישע שיפן.
אַ ריז באַ אַ ריז אָקעאַנישע שטעט,
דאָס וואַסער אַרום איז געדיכט און איז פעט.

נאָר דאָרט, וווהין מע קוקט, איז דאָרט ליידיק דער רוים.
כּוץ דאָרט אַ שיפל, וואָס געגדולט זיך קוים.
איז וואָס־זשע געשען דאָרט, איז וואָס־זשע דאָרט פּאָרט,
איז וואָס האָט צערודערט דעם מעכטיקן פּאָרט?
וואָס האָט די אַרבעטער גלײַך ווי פאַרשטיינט? —
אַז זעען נאָר זעט מען דאָס שיפל דאָס קליינס,
וואָס געגדולט זיך נעוונטער בעריעש אַרײַן.—

זאָל עס דער ווונדער דאָס שיפעלע זיינ?
דאָס שיפעלע אָרעמס, וואָס שטעלט זיכ אַוועק
אינ טוט זיכ א בינד אינעמ דײַטשישנ ברעג?

—

באַלד מיטאַמאָל אַפנ שיפל אַפ קלײנס
ציט זיכ אַרופעט א פענדעלע איינס.
אומגעריכט טוט מיטנ האַפנ א קאָכ,
א היכצ אונ א ברומ דרײַמאָליקער „האָכ“!

אופגעריכט ווערנ די הערצער אונ גראַמער,
א גרויס שרײַט דאָס פענדל מיט סערפ אונ מיט האַמער,
א גרוס אונ א רופ — צו מוט אונ געראַנגל:
— ברידער, מיר וועלנ צו אונדזערס דערלאַנגענ!

די שיפנ דעמ סוינעס, די מעכטיקע ריזנ,
זיי זעענ די פרייד אונ סע שטעכט, סע פארדריסט זיי:
זיינ ווערט געשלעגנ אפ שיפנ — די שטעט,
דאָס וואַסער ארומ איז געדיכט אונ איז פעט...

## קאַפע „גאָלדענער פראַק"

וויכערט דזשאַז־באַנר: שערבלעך, בלעך,
שטיקער פעל און שויבנ־בראָק.—
בא די פיַינ־סערווירטע טישלעך
טרינקען טריפערס גראָג.

טריפערס אינ האַלבאָשע רייַכער,
שמייכל אפ די נעוער קראַצט:—
אלע זיַינען מיר פאַרשאַנקערט,
דזשאַז־באַנד, דזשאַז־באַנד, דזשאַז!

טענצלט סיפיליס, דער הערשער,
דורכ און דורכ — פויל.
רייַבט זיכ מאַקע אינ א מאַקע,
מויל אינ מויל.

מורמלט סיפיליס דער הערשער:
„זיסעס קינד, דו מיידל מיַינס,
„ליבע שמעקט פונ אַלע בעטנ,
„ס'רופט מיַינ האַרצ דאָס הערצל דיַינס!

„קענסט ניט, קליינס מיַינס, זיכ פארהיטנ,
„פריער, שפעטער, אלציינס,—

„אַלע ליבעס ווינען מײַנע.
„אַלע מיידלעך, ביז צו איינס.

„יעדנס לײַב איז ווונדער, ס'מאַכט ניט,
„לאַכנ לערנט יעדנס מויל.
אָט אַזוי הייבט אָנ א מיידל:
„דזשאַז־באַנד, דזשאַז־באַנד, הויל און פויל"!

# היפּאָדראָם

היפּאָדראָם אין קעלער,
בייגט מען אײַן די פּלייצע;
דאָ די פערדלעך קלענער,
מיידלעך פיל צעקנייטשטער.

פערדלעך העצקען אָפּ דעם קאָן,
בעטלען ביר בא טישלעך,—
מיידלעך ווייסן פון קיין ליבע,
פערדלעך ווייסן פון קײַן דישלעס.

כאָפּטעס מיידלעך,
יונגען, יונגען,—
אָפּ די באַקן — הונגער,
פלעקן — אפּ די נעזער,
פעסט פּרעסט די לונגען,
קרענק טרינקט מען פון די העלע גלעזער.

קומען אָן צוויי יאָלדן רײַכע,
פײַנע יונגעלײַטלעך,
מיעסן זיך צום טישל זעצן,
מיעסן זיך צו רײַטן.

יאָלדן רײַכע זשמורען פײַן די אויגן: —
„אינטערעסאַנט!"

און קרומען פײַן די פרעסער. —
טוט א כאַפּ זיך אום א יונג
(אונטערגעהאַקטע אויגן, אָן א האַנט),
קרימט די יאָלדן איבער:
„אינטערעסאַנט,
„אינטערעסאַנט״!!

און סע טוט א בליץ א מעסער...

# די קליינע מײַ

אוי, אומעטיק, אוי, אומעטיק, —
וואַרט די קליינע מײַ
אין קרײַז לאַמטערנ־ שײַנ.

אויסלענדער און אינלענדער
און רײַזנדע און וואַנדערער
גיינ ארויס, ארײַנ,
און נעמענ ניט די מײַ.

אומעטיק און שאָטנדיק
סע קומט ארויס איר פאָטערל
און שטעלט זיך לעבנ מײַ,
פארפירט א פלאַפלערײַ.

אומעטיק און זוינעדיק,
אנ אויסגעפוצטער קוינע קומט
און גייט אוועק מיט ביי...

איר פאָטער גייט פארביי...

# אָפּן באַרקאַס דורך עלערהאַלצער שלוז

די עלטערע אַרבעטער, —
רויִק און גל,
די ייִנגערע שרייַען
מיט ווערטלעך זיך איבער, —
געענדיקט די אַרבעט,
מיר פֿאָרן אַהיים,
צום שטאָט־ברעג אַריבער.

עלטערע אַרבעטער רויִקערן טריבע, —
שלאָגן צונויף זיך באַרקאַסן באַם שלוז.
ייִנגערע אַרבעטער טרייַבן שטוס.

ס'עפֿנט זיך שלוז,
ס'טוט זיך אַ יאָג,
אַנטלויפֿן וואָס גיכער פֿון נימעסן טאָג.
באַרקאַס נאָך באַרקאַס,
אין קאַנאַל צווישן ברעגן —
צום וואָלוועלן זופּ און צום קאַלטן געלעגער.

אָפּ אונדזערן אָנקום דעם מידן,
באַם ברעג
וואַרטן די פֿרויען,

וואַרטן געליבטע. —
די ייִנגערע וואַרפֿן מיט ווערטלעך זיך איבער.
די עלטערע פּרויען —
צעשרויפֿט און פֿאַרקלעקט...

## „ווילאָגארצי"

די שיינע „ווילאָגארצי", וואָס ברענגט די אָקסן-פעל פון פאַראַגוויי,
זי זאָל מיך מיטנעמען,
כ'בעט, מיך מיטנעמען קיין פאַראַגוויי!..

כ'קאָן ניט קעמען דאָ
דעם קאָפּ דעם פאַרלאָזטן דער שטאָטס,
יעדן פרישן טאָג זופּן טערפּקע קוואַס פון צייטונג;
כ'קאָן ניט זען די פעט-געבייכערטע,
איך קאָן ניט,—
כ'וויל ניט האָדעווען און האָדעווען מיין האַס!

פאַראַגוויי! —
ווו שטעקסטו ערגעץ מיט די טשערעדעס גוטע פעל!
פאַראגוויי!
כ'וועל דיך ריין מאַכן פון גערבן און מונדירן,
פאַראַגוויי! —
כ'וועל זיין ווי רעגן אף דיין פּאַשע,
כ'וועל אויסציקלען מיט האָפענונג דער איידלסטער—
מיין בולאַווע,—
און אָפּהיטן די טשערעדעס מיט איר,
אָפּהיטן פון יעדן סויכער,
פון יעדן סויכער,
וואָס רייט אף בופלאקס גאָלדענעם צו דיר!

# אפּן שיף „קאָפּ־נאָרט“

. . . אָ, דער ווײַסער דריקט אונדז,
אָ, דער ווײַסער שטיקט אונדז
בויגט אונדז ביז דער ערד.
(פֿון א קאַפֿערש פֿאָלק־ליד).

* * *

איינמאָל באַגוום איך קיין האַמבורג
אַ בריוו פֿון אַ ברעג אָקעאַן.
כ׳האָב אפּ א שיף א באַקאַנטן,—
מײַן שוואַרצער איז דאָרטן פֿאַראַן.
איז אומדערוואַרט קריג איך א בריוו:

„זײַ וויסן, מע רופֿט מיך קיין מאָסקווע,
דערוויס זיך, ווען גייט הין א שיף.
סע כועט מיר ווי איצט די אויגן . . .
דערוואַרט מיך און העלף מיר, איך בעט . . .
רייד איבער און זאָג בין א נעגער . . .
די שיף צו קיין מאָסקווע וי גייט“ . . .

* * *

ס׳איז אָפּגעגאַן פֿון ריאָ־דע־זשאַניירע,
די שיף די בריטישע
„קאָפּ־נאָרט“.

פול מיט טוועס,
פול מיט פײַערס,
שווערע טאָנען
קאַווע־באָנען;
פולע ליוקן, מיראָבאָלאַן.
די שיף איז אָפּגעגאַן
פון ריאָ־דע־זשאַנײַרער פּאָרט.

ווי יעדער שיף אין אָקעאַן, —
„קאַפּ־נאָרט״ — א לײַכטע פלאַש
מיט א בראַוון עקיפּאַזש,
מאַטראָסן — ברוין,
ווי קאַווע־באָנען, —
פאַר ניסיוינעס — וואַך,
און וואַכער — פאַר סאַקאָנע.
צווישן זיי — א יונגער נעגער
פון שיוועס אמאָל:
מײַן פרײַנט, באָמבול.

און א שטורעמאַן איז אַף שיף פאַראַן:
א נאָז מיט פלײַ,
מיט רוגזע פון א צוירער —
מיט אים, — פון ריאָ־דע־זשאַנײַרע,
אין איין שיף!
אין איין אָקעאַן!

דאַרף זיך טרעפן:
ס׳האָט א קראַנקהייט אירע רויגן

אָפּגעזעצט אין באָמבלס אויגן.
אַזוי ווי דער דאָקטער מי׳ט זיך ניט אָפּ זיי —
זיי טוען וויי,
זיי טוען וויי.

נאָר וואָס די אָפּיצערן פון דער שיף
פאָדערן פון זייערס א מאַטראָס, —
און וואָס זיי פאָדערן נאָך מער,
מיט האַס אין האַרצן, —
ווען דער איז גראָד א שוואַרצער, —
מיט געדולד געפּאָלגט האט ער דעם באַלעבאָס.

נאָך שווערן כיילעק נעגער־ארבעט,
אין היץ,
אין שטויב פון הייצערייַ, —
ציטעריקע פרייַ,
ציטעריקער דו
פאר יונגן אמאצול.

די שמעטער־כוואַליעס, — ווי פּיראַטן
כאָפּטעססווייַז זיי פאַלן אָן,
און רויבערש ליאַרמען אפן דעק, —
האבן זיי דעם נעגער־יונג דאָ אָפּגעשטעקט? —
דעם נעגערס פארב — ווי אָקעאַנס,
און אויך דער גלאַנץ,
און אויך דאס האַרץ, וואָס כוואַליעס, —
נאָר די אויגן — קאַליע.

שטייט באמבול באם קיך,
דער קעכער דזשאָב — פאר אים, —

איז אפּנ פּאָנ
פון אָקעאַנ —
א ווײַסע ליכט,
אַ ווײַסער פלאַם.

דער אָקעאַנ הייבט אופ
פונ אייגענעם וואַסער־לײַב,—
וואַסער־שיפּנ אופ.
טרײַבט זיי איינס אפּ איינס ארופּ
אונ באַלד צעטרײַבט, צערײַבט.

לאַכט באַמבול צום קעכער דזשאָכ:
— „נאָכ א כוידעש,
נאָכ א וואָכ...״
ענטפערט יענער סוידעש:
— „נאָכ אַ וואָכ אונ נאָכ א כוידעש...״

ס׳איז הײַנטיקס מאָל
דער וווּנדערלעכסטער פּאָר —
דעם נעגערס אויסגעטרוימטע רײַזע.
וואָס סע שטייט אים פאָר!
וואָס סע וואַרט אים דאָרט!
ווי סע וועט דאָס גליק זיכ דאָרט באַווײַזנ!

סע רופט אים כרײַנט אהינ,
די בריוו זײַנע זיי גליִענ:

„דאָ רעכנט מענ מיט אלע גלײַכ די נעגערס.
„אבי מ׳איז נאָר ווי דו,—

„דאַן לערן זיך און טו!
„דאָ רעגירן פּאָשעט:
„יאַם־לײַס,
„שלאָסערס,
„טרעגערס.

„װעסט לערנען אין ארבּפּאַק,
„װי גנאַט,
װי איך,
„װי זשאַק.
„צום זיג דעם װעג דעם ליכטיקן דערקענען.
די װעלט, װאָס געהער דעם פּראַק,
„מוז זײַן בּא אונדז אין זאַק! —
„װי סע זאָגט דער בּעסטער כאַװער לעניג...״
לאַכט באַמבּול, און סוידעש:
— „בּין קײַן האַמבּורג נאַך א כוידעש...״
ענדיקט שטיל דער קעכער דזשאָך:
— „און פון האַמבּורג נאָך א װאָך...״

* * *

זעצט מען זיך אַפּ שװעל פון קיך.
באַמבּול דערציילט פון זײַניקע און זיך:

— א קליינינק דאָרף,
פון װעגן מײַט פאַרװאָרפן.
מיט באַמבּוק־בּוים,
מיט ריצן־פעלד,
מיט יעגער־פלייש, —
א נעגער־דאָרף — פאַרשלאָפן.

איך, א קינד, בין ערשט אראָפּ
פון מאַמעס פלייצע־בײַטל,
געלערנט ריצן, רײַבן, —
צו יעדן דושאו־באַנד צוגעלייגט דעם קאָפּ.

א יאַנטעוו־טאָג.
אלע אף דעם טאנצ־פּלאַצ.
בא אונדז, ארום דעם פּלאַצ —
א וואַלד;
און נאָכנ וואַלד, —
א טײַך — א טאַצ.
און ווײַטער — וואַלד און וועלדער,
פלעצער ברייט צעשטעלטע.
און נאָכדעם — יאַם אליין,
ווײַטער גייען קאָן מען ניט,
ווײַטער, ניט צום גיין.

דער הויפּטמאַן שײַנט אינ פעדערן, —
אינ פעדערנ איז יעדערער,
אפ הויפּטמאנ — פארבנ־שטראַלן, —
אינ פארבנ זײַנען אלע,
הויפּטמאנ — אינדערמיט.

פלוצים טוט א שנים: —

פונוווײַטנ, פון וואַלד,
אינ זילבער, אינ גאָלד,
אינ וווּנדער־מונדירנ

גייען פ'ר אירע —
קנעפּ און גלאַנץ.

מיר ברעכן דעם טאַנץ.

— „מיסטאַם אידעס ווײַסע
פון יענער זײַט יאַם!"
— „נאָכ קיינמאָל קיין ווײַסע
געזען האָס דער שטאַם!"
— „ס'איז קיינמאָל אַט'הערצו
קיין ווײַסער דערגאַנ..."

דער אוילעם — איג שטוינענ,
דער הויפּטמאַנ שטייט אויף.
די קריגער געהאָרכזאַם,
די בויגנס ארופּ.
דער הויפּטמאַנ צעהירזשעט,
צעהירזשעט דער שטאַם,
דער פּלאַץ און דער וואַלד
און די וועלדער צום יאַם.
און איבער דעם הירזשען —
דעם הויפּטמאַנס א היכץ.
שטיל ווערט. די קריגער
זײַנ גרייט צו דער פליכט

דער הויפּטמאַנ גייט צו
צו די פיר מיט געשריי.
און אָט וואָס ער זאָגט

צו דעם ווײַסטן פון זיי:
—„וואָס האָט איר מיטגעבראַכט
כוץ זיך אליין?״—
(צו שטאָלץ און צו בײז
איז דער הויפּטמאַן געווען).

דער ענטפער — אַ שאָס,
און אַ באַמבוק צעלעכצט.
פון אַלעם, אין פאכער,
איין הילכיקער קרעכצט.

און באַלד רײַבט דער ווײַסער
אַ פײַער פון זויל.
און ענטפערט מיט איינעמס,
אַ זײַנעמס אַ מויל:
„דער קעניג געשיקט אונדז: —
„פריד אײַך און גליק!
„דער קעניג מאַטאָנעס
„דעם הויפּטמאַן געשיקט!״

קיילים ציִען זיי ארויס,
טרייסלען אינדערלופט.
אין די קיילים רעגנבויגן
זידט, שרײַט, רופט.

הייסט דער הויפּטמאַן:
„ווײַסע הערשער, קומט צום פּלאַץ!״
ליאַרמען אַלע: ווײַסע הערשער,
קומט צום פלאַץ!״

זיצט דער הויפטמאַן מיט די ווײַסע אינדערמיט,
און די קריגער—זיך ארום צעשיט.

דזשאַז־באַנד רעוועט מיט די האָרנס,
מיט די טעפּ.
און די מיידלעך טרייסלען מיט די בײַכער,
מיט די קעפּ:

„אונדזער בריטישע מעלוכע שיקט אײַך דאָס געשאַנק!"
אין די ווײַסע אָפּיצערג טײלן ווײַסן גאָטס געטראַנק.
אַלע טרינקען, און דער ווײַסער מיטן הויפּטמאַן אינדערמיט,
און בא ביידע הענגט אַראָפּ א שווערע ליפּ.

אַלע טרינקען,
און צעווילדעוועטע שפּרינגען
ייִנגלעך, מיידלעך,
יונג און אַלט.
מ'איז באַפעדערט,
און מע רעוועט און מע פאַלט.
מיידלעך, ייִנגלעך
ווילד צערעפּעט,
מיט די צינגער
מע טעלעפּעט,
מיט די פּיַקלעך,
מיט די בײַכער,
מיט די פיס:
„ווײַסער הערשער!
„מיסטער!
וויסקי מיס!"

אלעם אויסגעלייגט, ווי איינעם,
סײַ די קריגער,
סײַ די זקיינים —
האָט די מאַשקע,
האט דער פעסט.
נאָר די ווײַסע ניט, די געסט.

* * *

די שיף „קאַפּ־נאָרט" געקומען איז קײַן האַמבורג.
און ס'גייט די טעג אַ שיף קײַן לענינגראַד.
וואַרט איך אַף מײַן פרײַנט באַמבולן,
און וואַרט מיט אומגעדולד און וואַרט.

כ'זע פון ברעג זײַן שיף,
ער דרייט זיך אום דאָרט,
לויפט און טוט.
און מיך פאַרוווּנדערט: —
געשיקט זיך עס ער זעט מיך ניט? —
די ערד ברים אונטער מײַנע טריט...
כ'האב דעם ערשטן טאָג אומזיסט געוואַרט,
וואַרט איך אויך דעם צווייטן און דעם דריטן,
כ'וואַרט די ארבעט אלעמאָל אינמיטן,
ווײַל נאָך אַ טאָג און שיף גייט אָפּ קײַן לענינגראַד.

דערווײַל דערציילט מען מיר אזוי:
דער שטורמאַן אַף „קאַפּ־נאָרט" שמיצט זיך,
זויפט;
זוכט, אין ווּעמען שטעקט מען איין די הענט.

באַ מאַטראָסן

בלוטיקער פֿאַרדראָס צעברענט.
און שטורמאַן האָט דערוווּסט זיך,
ווּהין סע פֿאָרט באַמבול,
און אים פֿאַרגלוסט זיך —
דעם נעגער אמאַצאָל צו טאָן אַ שטאָך:
„איך פֿאַרהאַלט דיך נאָך אַ וואָך...
„פֿאַרב די שיף פֿון דרויסן־זײַט.
„וואָס, די אויגן־ווײ? —
„סו!
„דו, הונט"...

כ'זע פֿון ברעג דעם כאַוועָר מײַנעם,
כ'זע, ער טײַנעט צו דעם שטורמאַן פֿון דער שיף...
טײַנעט מיט די קאַליע אויגן זײַנע.
נאָכדעם, —
ווי דער שטורמאַן זיך פֿאַרמאָסטן אַף זײַן פּנים...

אופֿגעשפּריצט האָט און געטריפֿט...
נעקאָמע האָט אין נעגער אופֿגעכּומפּעט,
האָט ביז ווײַסן שוים צעגליט האָט. —
צום שטורמאַן זיך געוואָרפֿן, —
נאָר באַלד דערציטערט
האָט ער זיך אײַנגעשרומפּן...
אײַנגעשרומפּן...

— און מיט באַרשט און קוואַרטל־פֿאַרבן
צו דער דרויסן־זײַט, אַף אַרבעט...

אין מאַטראַסן האָט דער האַס געוואַקסן,
נאָר קאַלט געדולד דעם זין האָט קאַלט געבאַקן:
פאַרבײַסט דעם האַס מיט ציין;
ניכטערקייט זאָל צוימען דאָס געביין,
די ריפּן שוינט פאַר רײַפּער צײַט, וואָס גייט.

און אָט, מײַן פרײַנט
פון דרויסן־זײַט ער שטייט
אַף הענגענדיקער ברעט,
מיט קאַליע אויגן־זשוואָברעס.
אויבן איז דער שטורמאַן אַפן דעק,
און אונטן איז דער אָפּגרונט.
און דער נעגער — אינדערלופטן צווישן ביידע שטעקס.

דריקט דער שטורמאַן אים פון אויבן,
רופט אים אונטן דער טעהאָם,
פּלוצים טוט די ברעט א הוידע,
באַרשט א שפּאַן טוט אין טעהאָם,
די פאַרב א פליוכ,
דער עמער ווײַזט דעם דנאָ,
און אַף דער ברעט איז קיינער שוין ניטאָ...

... און נאָך ביז הײַנט איך זע מײַן פרײַנט,
זײַן טיפע יונגע שטים איך הער:
„אָ, דער ווײַסער דריקט אונדז,
„אָ, דער ווײַסער שטיקט אונדז,
„בויגט אונדז ביז דער ערד״!

# דער פליישער

זיצט א כאַפּטע און אַנטקעגנ
אינ א אינוואַלידנ־וועגל,
שרײַט א האַלבער מאַנ, א קריגער:
— „קרוינט מיכ, הינט, באַלוינט דעם זיגער!"
און צום טאַקט מיט וועגל שפּרינגט,
די כאַוואַרײַע לאַכט און זינגט.

— „פאַרנ פאַטערלאַנד, דעם קייסער,
פאַר פאַרלאַנגענ מײַנע הייסע
האָב געלאָזט זיכ שעכטנ, שיסנ,
לײַב פאַרניכטנ, בלוט פאַרגיסנ —
בלוט און בלוט און בלוט און בלוט,
אז דערנאָכ זאָל ווערנ גוט.
מ'האט געזאָגט, אז צופיל מענטשנ
אָנגעמערט זיכ, צופיל הענט שוינ,
צופיל מײַלער אפּ צו פּיקנ —
ענג די ערד שוינ, צום דערשטיקנ,
איינס דעם צווייטנ שטייט אינ וועג —
דורכצודייניקנ מע מעג.
צופיל מענטשנ, — דער ארטיקל
האָט זיכ איבעריק אנטוויקלט.

גאַנצ מיט שימל דורכגעדרינגענ,
איינס דאס צווייטע טוט פֿאַרשלינגענ.
נאָר דער טויט אמ קריגערש פֿערד;
קריג וועט גרוימ מאַכנ די ערד!

איכ, דער פֿליישער פֿונ קאַטרינגע,
האָב קײַנ אָרט זיכ ניט געפֿינענ!
פֿול מיט פֿליישערס, שינדער, שיבער,
מײַנע קונדנ כאַפּט מענ איבער!
אונ דער באַנק, דער צינזש, דער טרעסט,
בלוט מײַנס, לײַב מײַנס נאָר מע פּרעסט.
ס'קאָנ מײַנ דאָקטער־זונ ניט לעבנ,
כ'קענ קײַנ קאַבינעט אימ געבנ.
שטייט ער אינ זײַנ דאָקטער־קיטל,
פֿלייש פֿאַר קונדנ ער צעשטיקלט,
אונ פֿאַרטײַטשט עס זייער שיינ,—
נאָר דער האַנדל גייט געמיינ.

וואָכ צו וואָכ אַלצ ערגער, קלענער.—
מײַנע טעכטער וואַרטנ מענער,
פֿײַנע מענער זאָל איכ ברענגענ,
מעבלענ קויפֿנ, קליידער שענקענ,
ווײַזנ רײַכקייט איז פֿאַראַנ,
לוינענ זאָל דעמ פֿײַנעמ מאַנ!
רײַכקייט, גוט! אָבער ווו נעמט מענ,
אז פֿונ אַלע זײַטנ קלעמט מענ!—
צאָל אונ צאָל אונ ניט צו מײַדנ,
שמידט מיכ צו פֿונ אַלע זײַטנ.

זאָגט מען דיר: „דער קריג דערלייזט,
ס'איז דער קריג די איינע טרייסט".

שרייט מען: „פאָטערלאַנד און קייסער!"
די, וואס שרייען, קען איך, ווייס איך,—
וועלן בא דעם קריג פאַרדינען,
וועל איך אויך פארדינסט געפינען.
רייס איך אויך זיך נאָך נאָך זיי,
האָפנונגספול אין קריג איך גיי.

ס'האבן אַנדערע געשריגן
און געפילדערט קעגן קריגן.
אָבער ווער איז דאס? די ביידלעך,
די, וואָס פאַלן אומפאַרמיידלעך,
וואָס באמיסטיקן די ערד.—
די, וואס האבן נים די ווערט!

ס'וועט ארויסשלאָגן מיליאָנען
פון דער קאָנקורענצן־זאָנע,
פאַרן זון,—צעפראַלן טירן,
טעכטער צו דער האָכצייט פירן,
מיט קאָמערצ־לייט,—פארוואָס ניט,—
וועגן ביינער פלייש־געשעפט צעבלים!
טיא! דער „ערב־פיינט", „דראַנג נאָך אָסטן"—
מ'פאָדערט אָפּפער, בלוט מוז קאָסטן!
ס'וועלן מאסן מוזן שטאַרבן
באַ דעם שוואַרצן שטיקל ארבעט.—
כ'האב פאַרשטאַנען עס, געוווּסט:

פירנ קריג האט מענ געמוזט!
ווענ עס איז צו מיר געקומענ,
אונ מײַנ זונ אונ מיך פאַרנומענ,
האט מײַנ פלייש־געשעפט געגויסעט,
פאַר דעם פלייש־געשעפט דעם קייסערס,
פאַר זײַנ קריגס־געשעפט דאס שײנס!—
פליישער מײַסטער—ער אלײנ!

כ'האב א גרוס פונ זונ באקומענ:
„כ'בינ אינ קריג־פלאָט אופגענומענ".
ס'ליגט מיר ניט דער זונ אינזינענ,
איך בינ דאָ, ווו איך געפינ זיך:
מאַרשנ, שלאַכטנ, שטיקער מעס,
כ'פיר די פליכט אויס אונ איך פרעס.
איבער טויטע מענטשנ שפאַנ איך,
איבער פרעמדנ לאַנד מיט באַנענ.
דערפער צינד איך, שטעט צעקנאַל איך,
נעבנ מיר כאַוויירים פאַלנ.—
איינס נאָר פרייט מיך: כ'היט זיך וויל,
אלצ א צווייטנ טרעפט די קויל.

ווײַט אינ פרעמדע ערטער רײַכע
האָב מאַרשירט. דעם פײַנט די בײַכער
אפ זיינ אייגנער ערד צעשטיקלט.
נאָר צוריק אהיים, צוריק שוינ,
האט מענ מיך געשלעפט צוריק:
ס'האט די פיס מיר אָפגעפליקט.

ווײַט אין פרעמדן לאַנד פאַרטריבן,—
מײַנע גײערס דאָרט פאַרבליבן,
וועלן ניט אופשטײען די גײערס,
ווען די הענער וועלן קרײען.—
העלפט פון מיר אין פרעמד קראַפירט,
צווייטע העלפט אהיים געפירט.

אפן וועג האב איך דערוווסט זיך,
אז די שיף מײַן זונס קאפוט איז,
אפן יאַם־גרונט, וואס צעבויטעט,
שווימט מײַן דאָקטער־זון א טויטער.—
גײן! דאָס אַלץ האט ניט געשטימט
מיט דעם קריג, וואס מ׳האָט געריכט!

כ׳האב געטראָפן באַ מײַן קומען:
אויסגעגאַנגען אַלע סומען.
עלזע בומלט אין שאַנטאנע,
איך דאסזעלבע פרוווט זיך אנע.
ס׳ווײַב עסט מיטעקן אומזיסט
בא די רײַכע אינעם מיסט".

— טויטשלאַנד, טויטשלאַנד איבער אלעס,
איבער דײַטשלאַנד הערשט דער דאַלעס!
הערשט דער פרידן דער ווערסאַלער,
צאָל נאָך יעדן, צאָל נאָך אלעם,
צאָל און וואַרג זיך מיטן בראָך,
דאַרפסט נאָך שרײַען: „טויטשלאַנד האָך!"

—„שולדיק זײַנען די מאַרקסיסטן,
באָלשעוויסטן, קאָמוניסטן,

יודאַיִסטן, זיי פאַרשווערכן
אונדזער דײַטשן־גײַסט דעם העכסטן,
אומעטום זיי דרינגען אײַן—
ס'הערשט בײַ אונדז דער יודאַ־שווײַן!"

ווערט אין כאַפּטע א גערודער,
זאָגט דער באַס: „דו, הער נאַר, ברודער"—
שטעלט זיך אָפּ און הערט אויף טרינקען
און דאס ווײַס פון אויגן פינקלט:
„זאָג, אף וועמעס דען באַלאַנס
איז פאַרצייכנט דײַן אוואַנס!
הערט א כעושבן, צום געלעכטער:
צוויי פיס, איינע דאָקטער־זון, צוויי טעכטער.—
און דער צווייטער צאַד, די רײַכע,
האבן הויך די קעפּ און בײַכער
אײַנגעצאָלט אין קריג פארבלענדטן?
ניין? נאָר' דו? איז דיווידענדן
ווער באקומט דען, דו, צי זיי?—
אָך און וויי, אז אָך און וויי;
זיינען גאָרניט קײַן גנאַראָנים.
זיך פאר זיך די מעזומאָנים?
אייך פאר בלוט און לײַב־און לעבן.—
בליאַכעס אף דער ברוסט געגעבן:
„ביטע, מיכל, א געשאַנק,
פונעם פאָטערלאַנד אדאַנק!
אויסגענוצט אונדז און פאַרטריבן,
אונדז איז נאָר די שענק געבליבן.

אין געדעכטיקייט צו וויסען!״
שרײַט דער טײלער: — „גיסט אין קויסיעס,
ס'וועדט מײַנע ווײַנ ניט אויסגעשעפּט!
טריגקט און טראַכט זיך, אז איר לעבט!״.

## דער כאַסענע־רעגיסטראַטער

שרײַט דער טײלער: „—אופצורײצן
דאס דערלויב איך ניט... צעגײט זיך!
ווײַן טרינקט,—ווײַן וועט אלץ באזיגן,
ווײַן איז ווײַב, איז בעט, איז וויגן.
האָפענונג, טרוימען—דאס איז ווײַן,—
גיסט, כאַווראַיע, טרינקט אַרײַן!"
זאָגט דער באס: עך, פוסטער פלאפל!
הערשער איז דער געלט־מעכאַבל,
כ׳קען דעם קאפיטאַל, ער שוינט ניט
גאָרניט, שלינגט, באצווינגט וואָס לוינט אים,
ער וועט אויך אהער דערגרייכן,
אויך דעם פוילן שענק צעברעכן".
—„וואָס, אהערצו? מענטש דו, וואָס,
מירן געבן אין דער גאָז!"
—„איר? מיט וואָס וועט איר עס געבן,
אז די פויסט אין קריג פארבליבן?
קוקט אײַך אָן גוט, האַלבע פייגערס!"
—„דאָנערוועטער! ווײַזט אים, שלעגערס,
ווײַזט אים, אז מיר לעבן נאָך!
אז מיר לעבן אינעם בראָך!"

בלעך און העלצער־הענט און אַנגלענע
קלאַפן, טופען און דערלאַנגען.

שפרינגט אין מיט אריַין דער טייַלער:
— „ברידער־טרינקער, ס'איז דער קעלער
אָפּגעזונדערט ווײַט פון שטאָט,
קיין מעכאַבל, קיינער דראָט.
ווערט אַנשטומט, דער הער געמאַלע
וויל דערציילן פון זײַן פאַלן".

אין מונדיר, אָפּ קנעפּ פאַרפּ־ינדעט,
אין אַ כאַסענע־צילינדער,
שוויצט אַ מענטשל אַ געדראָלנס,
אויגן גרויסע, — אויסגעבאָלעכט,
און די פינגער — רינגען־פול,
שפּרייטן אָפּ דעם האַרץ זיך דול.

— „טרינקט און העלפט מיר צו פאַרגעסן.
דרײַסיק יאָר בין איך געזעסן
אָפּן שטיל, אין אַמט דעם טריבן,
פרעמדע כאַסענעס פאַרשריבן,
פרעמדע גליקן רעגיסטרירט, —
נאָר צו מײַנעם ניט דערפירט.

פאָרלעך הונדערטער פאַרשריבן,
אַלע שול־פרײַנט אויסגעגעבן,
יעדער האָט זײַן שאַץ געפונען; —
ווער אַ פוכקע, ווער אַ גרינע,
ווער אַ צירלעכע קאָנפעקט. —
נאָר פאַר מיר האָט ניט געקלעקט.

דרײַסיק יאָר צום טיש מײַן שטומען
זײַנען קאַלעס אַלץ געקומען,

כ'האָב געאָטעמט ווייער אָטעם,
שיר ניט אָנגערירט די באָטעם,
שיר די באָטעם ניט באַרירט,
שיר קיין ליבע ניט פאַרפירט.

יונגע מיידלעך, מוידן אַלטע,—
ס'קאַלט־קלייד מאַכט יעדן שטאַלטנע—
די געגעסטע, די אַלמאָנע,—
עס פאַרכאַלעמט ווי לעוואָנע,
און עס רויטלט ווי געטראַנק,
פון באַהעפטונג דער געדאַנק.

דרייסיק יאָר מיט גליק פאַרמיטלט
האָבן יאָרן זיך געשליטלט
אַף מיין קאָפּ, אין ספּאָרט געטריבן
אַף מיין קאָפּ, און אויסגעריבן
צו דער עלטער מיר אַ פּליך,
צו דער עלטער גליטש איך זיך.

אינדערנאָענט, בא מיין שטעלע,
איז ביר איינע חויל־געפעלן,
ניט קיין יונגע, נאָר אַ געזונטע,
אַ באַלייבטע, באַקן בונטע,
נאָר אַביסל קרום די קני.
פריילן פעניג רופט מען זי.

ווען איך פלעג צו אַרבעט גייען,
זי דערזען, בלייב איך שטייען,

און פאַר איר אין פורכט פאַרבייגן זיך, —
זי אָבער, קוים־קוים פאַרנייגט זיך.
שטאָלץ און קאַלט, באַפעלן גרייט,
נאָר דאָס האָט מיך נאָר געפרייט! —

זי איז ווירדיק, קאַלטער סייכל,
און איך דאַרף צו איר דערגרייכן,
און איך דאַרף אירער דער ווערט זײַן,
און דערוואַקסן, ווי געהער זײַן!
מיט אַ ווינונג שיין מעבלירט,
מיט אַ שייפּער־הונט באַם טיר.

נים דערעסן, מער געשלאָפן.
ווער אַ טראַם? — צופוס געלאָפן,
זיפּ געקאַרגט, ס׳ליכט געלאָשן,
און אַ גראָשן צו אַ גראָשן,
אַלץ געשפּאָרט אַף אַ שפּאַציר,
אַף באַקענען זיך מיט איר.

כ׳האָב באַקומען אָפן נאַקן
עפּעס גאָר אַ ווילדע מאַקע,
שניידן האָט מען מיר געראָטן,
מיט ראַדיום די מאַקע בראָטן,
פאָרן ערגעץ אַף קוראָרט, —
נאָר כ׳האָב אַלץ דאָס געלט געשפּאָרט.

יאָרן האָט עס אַלץ געדויערט,
כ׳האָב מײַן מאָרגן־גליק געמויערט.

געלט געקליבן, געזונט געפּאַטערט,
ווײַל ווי קען א רעגיסטראַטער
מיט זײַן קליינעם געלט־געהאַלט
זײַן געליבטע נעמען באַלד!?

און ווער שמועסט, אז די געליבטע
שטאַמט פון יונקערס שטאָלצע בלוטן!—
כ׳האב דאס לעצט פון זיך געריסן,
אויסגערעכנט יעדן ביסן,
אלץ געשפּאָרט, און יאָרנלאַנג
אָפּגעלייגט אלץ אין דער באַנק.

אפ מי[illegible]לאט געקירצט דעם פעניג,
כאָטש בין יאָרנלאנג עס־דעניקי
באַם פאַרטיי־אָפּצאָל דערלאַנגען
יעדער מאָל זיך אלץ געדראַנגלט:
אָפּצאָלן, צי קויפן גאָר
פאר דער קיך א גארניטור?

אָפּגעלייגט שוין אפ א שפּיגל,
אפ א וואַנטזייגער, א וויגל,
בעקנס אפ געבעק צו באַקן,
און די מאַקע אפן נאַקן
איז געוואַקסן טאָג נאָך טאָג
און געיאָטרעט און גענאָגט.

---

סאָציאַל־דעמאָקראַט

מאַקע־חייטיק האט צעפלייצט זיך
און מיר אויסגעקרימט די פלייצע.—
האב איך זיך געקאָנט פאַרגינען
נאָר א זאלב, צי וואזעלינע,
ס'האט מיך ווייניק וואס געאַרט.
כ'האב אפ אונדזער טאָג געוואַרט.

אונדזער טאָג, דער טאָג געגארטער,
ווען אנ אנדער רעגיסטראַטער
וועט אינ אמטנ־בוך פאַרשרייבן
אונדזער גליק, און נאָכעס קלייבן
פונ דער פאָר, און זיינ גאלאנט
און מיר דריקן הייס די האַנט.

כ'האב זיך ניט געאײַלט באקענען
מיט מײַנ קאַלע טרודע פעניג,—
ווער וועט אויסכאַפּן מײַנ קאַלע?
ווער וועט זײַנ אפ איר א באַלן?

ס'מאַכט ניט, וואס זי ז'בייזלעך טרוקן,
וואָס זי וויל אפ מיר ניט קוקן,
גלײַך איך בינ איר צודערווידער,
צי מײַנ אָפּשטאם זי דערנידערט,
גלײַך זי דארף מיך ניט און שוינ.—
אָט א שטאָלץ פונ א פאַרשוינ!

איז זי גרויס—בינ איך ניט קלענער,
כ'בינ א דײַטש פונ דײַטשע מענער!—

ביז איך ענדיק ניט פארגרייטנ
אלע הויז־באַקוועמלעכקייטנ,
קלאַפּ איך ניט צו איר אינ טיר,
צו פאַרבינדנ זיך מיט איר.

זי איז גרויס, בינ איך ניט קלענער.—
די מילכאָמע האָט די מענער
כאָפּטעסווייַז אינ שלאַכט צעריבנ,—
זייַנענ ווייַבער פיל פאַרבליבנ,
ווייַבער פיל אונ מענער קנאַפּ!
וואקס איך אויך אינ פרייַז א קאַפּ!..

כ׳האב געדולד, געדולדיק קלויב איך
געלט אינ באַנק, מייַנ קאָנטע הייבט זיך.
די בופעט־פראָבלעם געלייזט שוינ,
אויך דעם גרויסנ טיש פאר געסט שוינ,
אויך די שפיגלענ בייַגעקומענ,
אויך די בעט־פעסטונג גענומענ,
טאָג־נאָכ־טאָג אינ שווערנ קריג,—
זיצנדיק מאַרשירט צום זיג.

מייַנ געווער איז וואס אזוינס דענ?
קליינ געהאַלט אונ גרויס געצוימטקייַט,
דיסציפּלינ אינ מאָגנ־זאַכנ,
אינ דער מאַקע אפנ נאַקנ,
דיסציפלינ, געדולד אינ קריג—
דאס האט מיך געפירט צום זיג!

כ'האָב שוין פּאַרטיק אָפּ א וווינונג,
ס'אַרא וווּנדער, זי וועט שטוינען!
און אָפּ מעבלען און אָפּ צייַגן!
און אַפּילע אָפּ א שטייַנל
מיט א פייגעלע, וואָס זינגט,
און מייַן גרויסער פּלאַן געלינגט.

זיץ איך אָפּ מייַן אַמט און אַרבעט,
עפּעס הער איך, מענטשן שטאַרבן,
דאַכט, פון הונגער, צי פון שטרייַקן,
ווייסעך־וואָס, די בלעטער לייַגן:
„קריזיס!" „רעוואָליוציאָן!" —
מיר דאָך גייט דאָס אַלץ ניט אָן.

כ'זיץ זיך מיר אין אַמט און אַרבעט
טיף פּאַרטאָן, און בונטע פאַרבן
פון מייַן גליק אין קאָפּ שפּאַצירן,
טיף פּאַרטאָן אין רעגיסטרירן,
הייב איך ניט פון בוך דעם קאָפּ,—
כ'פּאַרטיק גיך די קונדן אָפּ.

איינס־נאָך־איינס, די כאַסן־קאַלע,
זייַנען איבעריק מיר אַלע,—
כ'בין מיט מייַנע זאָרג פאַרנומען:
ווער וועט צו מייַן האָכצייַט קומען
פון די קעפּ פון מייַן פאַרטיי?
ווער איז וויכטיקער פון זיי?

פון פּרעזידיום בעק און שינדער
אין די פּרעק און אין צילינדערס,—

כ׳וואָלט געוואָלט הער בעק זאָל קומען!
ווען מע גיט אים אָן די סומען
פון מיַין וויַין, ליקער און ביר,
אָ, הער בעק מוז זיַין בא מיר!

וויַיטער קומט דער ווירט פון מויער,
צוויי באַמטע, טאַנטע פויער,
פון געשעפטס־וועלט צוויי־דריַי הערן,
נאָך א צוויי־דריַי פונקציאָנערן,
נאָר דער איקער ליגט אין קאָפּ —
בעקן ווי מע ברענגט אראָפּ!

פרידריך שמאָר דעם באַנקהויז־דינער
וועל איך רופן, אז פון קינע
זאָל ער פּלאַצן, וויַיל ער עפנט
מיר די טיר אין באַנק ניט העפלעך,
זאָל ער זען, דער פרעכער דאָן,
ווער איך בין און וואָס פאַרמאָג!

תּיל געגרייט ליקער און וויַינען,
אך, וועט טרודע מיַינע שיַינען!
פריַילן פעניג — איַיך די ווינונג!
איַיער קוש — איז מיַין באלוינונג!
יאָרנלאַנג פון דיר אנטציקט!
ענדלעך זיך דערוואַרט מיַין גליק!

אָט אזוי באַם רעגיסטרירן
לאָז איך זיך פון פריידן פירן:

מאָרגן קויפ איך א פויגל,
און איך קום זיך איר פארבויגן:
קום, מײַן ליבכען, קום צו מיר,
אונדזער גליק דאָרט ווארט אפ דיר!

אָט אזוי צום אמט געפּענטעט,
טראַכט איך מײַנס, פון מײַנס פארבלענדעט,
וועקט מיך אוף א קאָל א געזונטער:
„אלטער, שלאָפסט? מיר האבן הונגער,
„ניט פארשרײַב די יונגע פּאָר:
„טרודע פעניג — פרידריך שמאר"...

כ'הייב זיך אוף: אָ, דאָנערוועטער
נאָך איינ מאָל! אָ, הימל, געטער.
כ'בינ פארניכטעט, כ'בינ צעשמעטערט!—
זי, מײַן ליבכען, דאָנערוועטער,
מיט א מאַן זי שטייט פארפלאַמט,
כ'זאָל זי אײַנשרײַבן אינ אמט!

און דער שמאר — דער שמאָר, ער כאַכעט:
„ס'פאלט די מאַרק, — די באַנקען קראַכן.
„מענטשנס קינד, דו וועסט געשוירנ!
ס'גייט די מארק צו גרונט פארלוירנ,
„האָסט געשפּאָרט דעם טײַוול בלויז,
„אפ א טרונע לײַ דיר אויס!"

# דער קעלער צעפּאַלט

וואַרט מען, וואַרט מען ווײַנ־פּארקוויקסנ,
וואַרט מען אפ דעם מאַנ גע[illegible]זנ,
וואָס אוועק איז ברענגענ גו[illegible]
פונ דער שטאָט דאָרט זיכ דער[illegible]נ,
וואס מע טראכט זיכ דארט, ווי קלערט מענ
די באַרויבּטע צו באַווערטנ;
די פארשעמטע אפ דער ערד,
ווי באַגיטיקנ מע קלערט.

ס'וויל דער באַס, דער באַס וויל וויסנ
פונעם לאַנד פונ באָלשעוויסטנ!
צי סע לעבט נאָכ אונ זיכ ראנגלט
מיט די אינטערוועגטנ־שלאנגענ?
צי דערשטיקט שוינ אונ פאַרניכטעט,
ווי דאס בראונשווײַג אונ מינכענ,
ווי די ראָזע? ווי דעם קארל?
צי איז עמעס, אז געפאַרנ
האט דאס לעניג־פאָלק באַזיגט,
אז עס זיגט דער באָלשעוויק?!

נאָר דער טײַלער איז צעטראָגנ,
איינער ער איז צוגעשלאָגנ,

עפּעס ברויעט, עפּעס שטעכט אים,
קוקט צום טיר געהיט, פאַרדעכטיק: —
וואָס אזוינס דער שאָליעכ ברענגט, —
עפּעס רוקט זיכ אפ דער שענק.

אָטאָ קומט ער, דער שאָליעכ, —
פּאָטשטן ברענגט ער, פּעק יעדיעס,
ס'פּאָנעם — ברוינ, די גאָז — א ווײַסע,
מיט א טאַש, ווי ערשט פון רײַזע,
מיט א הינקענדיקנ טראָט —
קוקט מיט שרעק און רעדט מיט שפּאָט:
— פּיל פון אײַכ, אינ שענק פארוקטע, —
האבנ מיכ געשיקט א קוק טאָנ,
צי צעטיילנ שוינ די גווירים
מיט געמיינע דאָס אשירעס,
אָפּצושאַפנ אָרעם־רײַכ, —
קום איכ מעלדנ דאָ פאַר אײַכ:

קויפט אײַכ ווײַנ און פולט דעם קעלעכ,
גווירים דאָרט אזעלכע, וועלכע
ווילנ אונדז אלס שותפים גלײַכע
צו דעם גאָלד און זייער רײַכקייט, —
כ'האב געזוכט די גאַנצע צײַט, —
נײַנ, ניטאָ נאָכ זעלכע לײַט.

כ'האב געזענ דעם גוויר באַם ציילנ,
דאכט, ער טראַכט גאָרניט פון טיילנ!
כ'האב געזענ דעם גוויר באַם ביסנ,

דאכט, אים פֿרעסט נישט דאס געוויסן,
דאַכט, ער האַלט. סע שוין צעטיילט:—
איין טייל טוט, די צווייטע—ציילט.

„ווידער גרייט דער געלט־מעכאַניק
פֿיַער אַפֿ א נײַעם מאַבל.—
מערק פֿארכאַפּט ער, לאַנד דערטאַפּט ער,
אַלע שטערונגען צעקלאַפּט ער,—
אַלץ אים נוצט און אַלץ באַגערט,
קלויבט צום נײַעם קריג און מערד:
באָמבע־פֿירערס, גאַז־באַלאָנעס,
פּאנצערס, טאַנקעס, מאָרד־קאָלאָנעס,
אַלץ מוזיק, וואס וואַרט דעם צייכן
אַפֿ א שפּיל טאָן לויט דעם טייכל,
לויט דעם פֿרידן, פֿרידנלויט:—
פֿעט־געבענטשט זאָל זײַן די רויט!

וועט ער אויך דעם שענק געפֿינען,
וועט ער אויכעט אונדז ווי שפּינען
שפּאַנען אונדז, אים שפּינוועבס וועבן,
וועלט צו הונדן צוצולייגן,
הייסן קינדלען וועט ער אויך.—
דאָס א פֿײַג,— דאס קער צום בויך!
אונדזערע בײַכער, קעץ צו דאנקען,
טראָגט שוין ניט צו ווערן שוואנגער!
זאָל דער הונט אַפֿ פֿלייש און פֿעלן
דיזע זאַך אין דאָרף באַשטעלן.
כ'האָב געזען דאס פֿאָלק, סע שמאַכט,
נאָך געשמאַק די קינדער באַקט.

אומעטום, ווּ כ'האָב געוואַנדערט,
גלוסטן ווײַבער, ווײַבער שוואַנגער.
קעפּ און הענט — צוריק געניגטע,
בויך און ברוסט — פֿאַרויסגעפּויקטע.
אָבן מויל און אויג צום רוים —
און די פּיסעס האַלטן קוים.
און די בײַכער — גלײַך זיי מעקען:
„גאָט אײַך, נעמט אײַך, עס וועט קלעקן
„אָפּ צו קוילען, אָפּ צעשטיקלען
„אין די קריגן, אין פֿאַבריקן".

„טראָגן ווײַבער פֿולע בײַכער
צו דער נײַער קריג פֿון רײַכע.
טראָגן פֿלייש־בערג, מענטש געמויזעכץ,
זאָל זיך עס דערווײַל דאָ פּויזען. —
בעסטע סכוירע — מענטשן־פּי,
שענסטער האַנדל — מענטשן־מי.

„כ'האָב באַגעגנט אין אַלטאָנע,
אין אַ שענקל קריגס־אַלמאָנעס.
צוגעהערט אַ שאָק געשיכטעס,
דורכגעזאַפּטע מיט אינטריגעס,
שמאַרץ, געוואַגטקייט און פֿאַרברעכן,
אַלץ געטאָן אפֿי דערגרייכן
נאָכאַמאָל פֿאַר זיך אַ מאַן. —
ס'פֿעדרד האָט ליב צו זײַן אין שפּאַן.

„כ'האָב באַגעגנט אַרעסטאַנטן,
אַרבעטס־פּרויען, ווײַסע ווי טראַנטעס,

שטארק־מיט פאָליציי באוואָפנט
האָט מען זיי געפירט צום שטראָפן:
פאר דער פרוכט, דער „פרוכט פון ליבע“,
וואס זיי האבן אָפגעטריבן,
ניט געוואָלט אפ וועלט זי ברענגען,
אפ צו הונגערן און קרענקען,
ס'וויל דער קנעכט קיין קנעכט געבוירן,—
פריי־זיין האט ער זיך געשווירן!
אָבער וואס באַם קנעכט הייסט רעכט—
הייסט באַם רייכן א פארברעכ.

כ'האב באגעגנט דאָרט סטודענטן,
שטרייקברעכער פון האַס צעברענטע.
א באראטונג מיט באריכטן,
ווי די שטרייקער צו פארניכטן.
איינער א צעהיצטער פראַנט
האט מיט זעלכע רייד געסאַמט:

—„די יידיש־באנקיריש־מארקסיסטישע באנדע,
זי האט אונדז באשמוצט מיט דער ווייַמארער שאנדע,
פארקויפט אונדזער היים אפ דער בירזשע ווערסאַלער,
געשמיצט די גערמאנען צו פיס פאר די גאַלן.
דארפן מיר בלייבן אזוי אפ די קני?
אין שמוציקן שטייער בא יידן־באנקירער
זאָל שמאַכטן די נאַציע פון וועלטן־באזיגער?—
ני!

די אינערע פיינדע, מיר דארפן זיי נעמען,
מיט הונגער די שטרייקנדע אפוואַרגן זיי.

און כאָפּטעסוויַיז, מענגעס
מיר דארפֿן זיי ברענגען.
צום וואַרשטאַט זיי קלעמען:
דריי!
מיר זייַנען דאָס וויסן, דאָס קענען, דאָס גלויבן
און אונדזערס די גאַז, די קנוטן און קוילן,
און מאָטער־מאַשינעס און טורמעס צום פֿוילן,
די וועלט נאָר פֿון אונדז דעם גייַסט זי שעפּט.
מע דארף נאָר אַ פּאַק טאָן
די מענגע די הוילע:
שלעפּט!

מיר דארפֿן אַ מאַכט פֿון גערמאַנישע טאַטן,
דערוואַרגן דעם פֿרעמדלינג—דעם גייַסט פֿון די ראַטן,
אין פֿאָטערלאַנדס־גייַסט די אָרדענונג ברענגען!
מיר דארפֿן באַלאָנען מיט סאַמען צעהענגען
אויף אַרבעטער־פֿאָרשטעט, אויף זייערע היימען
און ווי סע וועט אומגיין דער כאָלעם דער וויסטער
צו מאַכן פֿון דייַטשלאַנד אַ לאַנד אַ מאַרקסיסטיש—
איז סאַמען די אויגן, זיי סאַמען, זיי בלינדן,
פֿאַרטרייַבן אין שטייַג!
גוטמוטיק שטיל זייַנען מענטשלעך בלינדע,
זיי וועלן אונדז אַרבעטן שטילע און קינדלען
און דווירעס פֿאַרהיטן פֿון שטרייַק!

„ווייַטער האָב איך זיך באַגעגנט...
נאָר אַוועק באַלד, ניט דערוועגט זיך
זייַן דערבייַ. בין קליין געוואָרן

פאַר דער מעכטיקייט פ׳נ צאַרנ,
וואס צום אויג מײַנעם דערגרייכט,—
ארבעטער געזעגנ, קנעכט,
זעלכע, וועלכע, שיידימ ווײַסנ,
ווו סע נעמט זיכ אזאַ דרייסטקייט!
א געוואַגטקייט אזאַ בלויזע!—
גלײַכ דער געלט־מענטש, וועלט־מענטש גרויסער
שטייט פאַר זיי די הענט פארדרייט,
ווי א מאַסנ־מערדער שטייט.

„כ׳הער אונ קוויק זיכ אונ סע שוידערט:

„אויס מיט זויגערס! אויס מיט גוידערס!
נאָר די ארבעטער רעגירנ!
אונדזער וועלט אליינ מיר פ׳רנ.
לעניג זאָגט: די קייט צערײַסט,
רוסלאַנד איכ א מוסטער ווײַזט!"

„כ׳זע, ס׳איז ניט גלאַט ווערטער וואַרפנ,
האָרט אונ טאט בא זיי איז—שארפנ
פונ איינ שווערד, זיי זײַנענ אַלע
גרייט אינ פלאַם, אינ שלאַכט צו פאַלנ,
אויסצופירנ די אידיי.
כ׳האב זיכ אָפגערוקט פונ זיי".

האבנ שענקלײַט זיכ צעשריגנ,
אונ דער באַס האט אויסגעשפיגנ:
„דאנערוועטער! ווייסטער נאַר דו,
„וואס־זשע האסטו נאכ דערפאַרנ!?

טוט שאָליִעכ זיכ א שאָקל:
„— זייער דרייסט האט מיכ דערשראָקן...
זייער מוט פארכאַפּט דעמ אָטעמ,
זייער מוט... כ׳האב אָפּגעטראָטנ.
עפּעס שטעקט אינ קאָמוניסטנ
אזאַ קראַפט. דער סאַמע ווּיסטער
ארבעטער, זעט העלדיש אויס,
ווענ ער קומט פונ זיי ארויס״. —

קלינגט שאָליִעכס קאָל צערידערט,
פּלוצימ ווערט דער שענק דערציטערט:
פונ א קראַנ אינ ווינקל־קעלער
טרינקט דער ניכטערער, דער טיילער.
טרינקט, דעמ קראַנ אונ מויל פארזויגנ,
מיט פארשטאַרטע, הולע אויגנ,
מיט פארקרעמפּטע, גרינע הענט,
פונ דער שיקער־זוכט ער ברענט.

— קלאָנט, שיקורימ, יאָמערט אלע,
ס׳הייבט דער קעלער אָנ צעפאַלנ
פונ די גרוסנ פונ דער שטאָט דאָרט,
פונ דער ניכטערקייט, וואָס דראָט אונדז!

שוידערט שטילקייט, טריפנ קראַנענ.
נעמט א צווייטער אומגליק שפּאַנענ.—
הערט מענ טראָטנ שווערע, גרעלע,
אָנגעקומענ איז דער געלער,
דער, וואָס היט דעמ שענק ארומ,
געלער וועכטער, וואס איז שטומ.

וואַכן דאַרף ער דאָרט, דער שטומער, —
ניט אין שענק אַרײַנצוקומען.
שטייט דער געלער א פאַרטראַכטער
און מיט שטים אַן ערשט דערוואַכטער
שרײַט ער: „כ'הים ניט מער קיין קרענט!
סאָכרים מעסטן שוין די ווענט!"
ווערן שטאַר פאר שרעק די טרינקער,
נאָר באַם באַס די ציינער פינקלען: —
„אויך דער ווערכטער, אויך דער שטומער
האָט שוין אויכעט שפּראַך באַקומען..."

מיטאַמאָל, די טיר צעפּראַלט זיך
און דרײַ בײַכיקע געשטאַלטן
קומען אָן, געשטאָפּטע, פעסטע,
אינעם בויך זיי שטעקט דאס בעסטע.
ערשטער — אין א ברוינעם ראָק,
רירט אָן אַלעס מיט זײַן שטאָק.
וויגט זיך ברייטלעך אינעם גייען,
קלאַפּט אין בענק, אין פעסער־רייען.
רעדט צעקראָכן, הילכיק, פריציש:
— ס'ארא שמוץ דאָ, ס'ארא איפּעש!
הײַנט נאָך, הערן, מאַכט עס לער,
כ'וועל קיין ווײַל ניט וואַרטן מער.

טוט דער טיילער זיך אינדרײַען
א פארבויג און קלאָגעריש ברײַעט:
„וואס, פארלוירן שוין מײַן ווערדע,

„באַ דער פּאָליציי־באַהערדע?
„דעם אַגענט מע דאַרף ניט מער?
„קויפּליים גרייכן אויך אַהער!
„שלעכט געאַרבעט מיַין אַנשטאַלט?
„שלעכט די אַגענטור פאַרוואַלטעט?
„אויסגעגעבן קאַרג צעשטערערס?
„קאַרג געפערלעכע פאַרכמערעט?
„קענט איר האַנדלען, הערשן פרי,
„אָן געהיימער פּאָליציי?"

„ווער וועט נאָך אַזוי געלינגען
„האַלטן ווייט פון שטאָט די טרינקער!
„אָפּהאַלטן די נישט־פאַרמאָגער,
„מאַכן גוואַלדן, פענצטער שלאָגן,
„אַף די הויפּטגאַסן צו שלייכן.
„שטערן אינעם פרעס די רייכע.
„וועמען וועט נאָך מער געליגגען
„אויסטאַפּן באַ יעדן טרינקער,
„וואָס סע טוט זיך, ווער סע שמייעט,
„ווער פון איבעריקס סע ברייעט?
„ווער האָט נאָך אַזוי געלונגען
„טרינקער־פּיַין אין וויַין פאַרטרונקען,
„אין געשיכטעס אָן אַ סאָף,
„און פון וועלף געמאַכט צו שאָף!"

זאָגט דער הער צו די באַגלייטער,
און די גרויסע אויגן דרייט ער:
וואַרפט דאָס שמוץ פון יענזייט שוועלן,

מאָרגנ די מאַשינעס שטעלנ,
איבער־איבערמאָרגנ נײַנ
דאַרפ אינ לאַגער־קראָמ שוינ זײַנ.

יאסיע האט אינ טרומ־פארטוי־בטקײַט
דאס געהערט אונ ניט געגלויבט זיכ.
נאר די שטימ, וואָס קלינגט באקענטלעכ,
פלעט זי, לימט זי, מאַכט געפענטעט.
עמעצ האט גערוקט דעמ טיש,—
ז׳האט זיכ אופגעכאַפט צעמישט.—
ס׳איז דער טײלער נאָכגעקראָכנ
אפ די קני, דעמ הער—געבראָכנ
זיכ געבוקט, געקלאָגט, געלאָלעט:

„לאָזט מיר אָפ דעמ גרוב. איכ צאָל ניט?!
„לאָזט אנ אלטנ פּאָליציִיִסט
„לעבנ אפ זײַנ הויפנ מיסט!"

שענק־לײַט שאַרנ, טויט־דערשלאָגנ,
דאס געביינ זיכ אפצוטראָגנ,
— אַלצדינג טויג אימ, דעמ באדריקער,—
אויכ די היימ פונ די צעפליקטע,
אויכ די בלאָטע אָפגערויבט,
אויכ דאס זינקענ ניט דערלויבט.

---

אָט אזוי האט מענ געשלעפט זיכ,
קאַליקעס אונ שלעק אונ שלעפערס,

צו דער שטאָט צוריק, צו מיסטן,
נאָכמער קראנקע, נאָכמער וויסטע.
עפּשער דאָ און עפּשער דאָרט,—
עפּשער דאַרף מען זיי נאָך פאָרט.

אומגעריכט ארויסגעשטויסן,
האָט זיך יאַסי באַלד אינדרויסן
שלעכט דערפילט און ווי א ווילדע
אָנגעקוקט דאס נײַע שילדל
אף דער טיר פון שענק, דאָס נײַס:
„ה ע כ ט ע ס ט ר אָ ק נ ע ס ט אַ ש נ - א ײַ ז".
אָפּגעגאנגען א פּאָר שפּאַנען,
איז דער באַס לעם איר געשטאַנען,
צו דער שטאָט זײַן האנט געווענדעט,
האָט פון מויל זײַנעם געבלענדעט:
— קום, אָט איז צום פאָרט דער וועג,—
דאָרטן גייט אונדזער געשלעג...

# אינהאַלט



## רויטאַרמייִשע



## אין צעך

## א רײַזע אפּ מיזרעכ

## דײַטשלאַנד



## אין אַלטאָנער שענקען

